# אין שענצטן טאָג פון האַרבסט

אוודאי איז דער מוטער חוה׳ס טעות טראַגיש! טראַגיש, וואָס בשעת
זי האָט דעם פאָטער אדם אָנגערעדט צו עסן פון דעם קלוגן עץ־הדעת,
האָט זי אים אויך נישט צוגערעדט צו טועם זיין פון עץ החיים׳ס פרוכט.
וואָלט ער געווען פון עץ החיים בלויז אַן איינציק עפּעלע פאַרזוכט,
וואָלטסטו זיך ניט געשראָקן פאַרן בוים, וואָס וויגט זיך פאַר דיין פלויט,
אַ נאַקעטער, און וועקט אין דיין געמיט רעיונות וועגן שאָטנדיקן טויט . . .
און דו און איך, געוואַנדערט וואָלטן פרייע איבער גאָטס געבענטשטער ערד:
נישטאָ קיין צאָם, קיין טויער און קיין מלאך מיט קיין פלאַמענדיקער שווערד.
דו וואָלטסט פאַרשפּאַרט, אין שוויים פון פּנים, עסן היינט דיין אָרעם ברויט,
און מורא האָבן פאַרן מינדסטן שאָטן, מחמת אין דעם שאָטן רוט דער טויט . . .

נאָר, שמועסנדיק צוריק, וואָלט אָדם, אין גן עדן, יאָ געווען פאַרזוכט —
אַנשטאָט פון עץ הדעת — פון עץ החיים די פאַרבאָטענע, געבענטשטע פרוכט,
וואָס וואָלט די אייביקייט ביי מיר, ביי דיר געהאַט איצט פאַר אַ טעם?
אַ פאַנטאָם־שיף, פון ווינט געטריבן הפקר איבער אַ פאַרוויסטן ים;
אַ פויגל אין אַ מדבר־לאַנד; נישטאָ קיין אָנהייב און נישטאָ קיין סוף;
נישטאָ די פרייד, דער פּחד, וואָס אין חלום, מחמת ס׳איז נישטאָ קיין שלאָף . . .

איז, גוט אַזוי! זאָל שטיין, אַ נאַקעטער, דער בוים דאָרט פאַר דיין פלויט.
פאַראַן אַזוי פיל ציטער, צויבער, חלום אין דער בלינדער מורא פאַר דעם טויט . . .
איעדע רגע, שעה ווערט טייער, טייערער ביי דיר, און האַרציק האָלט
דער ערשטער שימער־גלימער, אין דעם לעצטן בליאַסק פון האַרבסטיק גאָלד.

טאָ, פלאַטער ניט אַזוי! . . . ניט שרעק זיך פאַר דער בשורה אַז דו שטאַרבסט.
הייב אויף דיין קול און זינג אַ לויב צו גאָט, אין שענצטן טאָג פון האַרבסט.

# אויטאָביאָגראַפישע פערזן

איך האָב געאַקערט און פאַרזייט
די ערשטע לידער מיינע.
די זריעה האָב איך מיטגעבראַכט
מיט זיך פון טיף אוקראַינע.

די ערשטע לידער זיינען פרי,
אין פרילינג אויפגעגאַנגען.
נאָר זאַמדיק איז געווען די ערד,
און מאָגער מיינע זאַנגען.

— אָ, גאָט! שפּרייט אויס דיין האַנט און בענטש
מיין מאָגער־קליין פאַרמעגן! —
האָט גאָט געזאָגט צום ווינט: גיי רעד
צום וואָלקן און צום רעגן!

האָט אויפגעהויבן זיך דער ווינט,
און אין די בערג באַגעגנט
דעם וואָלקן, און צו אים גערעדט
גאָטס וואָרט, און ס'האָט גערעגנט.

— עס רעגנט, רעגנט! . . . גאָט, מיין האַר!
פאַרמייד ניט דיין השגחה!
מקוים איז געוואָרן מיר
אַ העלפט נאָר פון דיין ברכה.

דו קאַרגסט מיר ניט קיין כמאַרנע טעג,
קיין נעכט מיט ווינט און רעגן.
נאָר, וואו איז, גאָט, מיין חלק זון
וואָס דו האָסט פון מיינעטוועגן? . . .

האָט גאָט צוריק פון פוטערפאַס
די זון אַרויסגעצויגן,
און אויפגעהאַנגען איבער מיר
אַ בלויען רעגנבויגן.

— אָ, בענטש מיר, גאָט, מיין גערעטעניש!
אין דיר איז די מניעה
אַז איך זאָל קענען, נאָכן שניט,
מיין אָפגעשפּאָרטע זריעה

פאַנאַנדערטיילן, ווי מען דאַרף,
צום כבוד פון דיין נאָמען —
פאַר פעלדער נאַקעטע, פאַר הענט
פאַר הונגעריקע . . . אָ מ ן !

# דער קערן

אָ, גאָט מיין האַר! צינד אָן אַ ליכט אין מיין זכרון
און פיר מיך אויף צוריק צום שאָטנוואַלד פון יאָרן.

כ׳האָב ערגעץ דאָ און דאָרט פאַרלוירן וואָס, פאַרגעסן,
אין וועג פון בלאָנדזשעניש, צווישן ווערבעס און ציפּרעסן.

— אַ נס! . . . גאָטס האַנט! אַ ליכט! אַ שימער פון אַ שטערן!
אָ, גאָט! ניט לאָז עס פאַר דער צייט פאַר מיר פאַרלאָשן ווערן!

— בן־אדם! טרייסט זיך, טרייסט. עס פירן אַלע וועגן
צום שאָטנוואַלד, און איך — וועל קומען דיר אַנטקעגן . . .

אינצווייען וועט דער שווערער וועג אַן הרף־עין געווערן.
און דאָס, נאָך וואָס דו בענקסט — דער תמצית פון דעם קערן —

איז בענקעניש. חוץ דעם, איז גאָרנישט ניט פאַראַנען.
ביים ראַנד פון שאָטנוואַלד וועסטו זיך אַלץ דערמאַנען . . .

# ציפרעסן און שניי

עס איז ניט שייך געדענקען דאָס, וואָס דו האָסט ניט פאַרגעסן.
וואָס ליכטיקער עס איז דער שניי — אַלץ גרינער די ציפּרעסן.
וואָס ווייטער איך דערווייטער זיך פון מיינע קינדער־יאָרן,
אַלץ גרינער, גרינער ווערן זיי ביי מיר אין מיין זכרון.

— ווי ווייט עס איז פון „הי״ ביז „דאָרט״? וואָס דאַרף דער וועג געווערן? —
אַזוי פיל וויפל עס געווערט דער נאָפּט אין מיין לאַמטערן . . .
אָט איז דער פּלויט, אָט איז די שטוב, אָט איז דעם שכנס שייער.
די מאַמע זיצט און שטריקט אַ זאָק, אין אויוון ברענט אַ פייער.

איך שטיי הינטער איר פענצטערל און טראַכט און לייג זיך איבער:
ווי קלאַפּט מען פּלוצים אָן אין טיר, און מ׳טרעט די שוועל אַריבער?
האַלב נאַכט. עס שנייט. די שייטלעך האַלץ אין אויוון טליען, גוס׳ן.
די מאַמע שטריקט, און שטריקט, און שטריקט, און ווייסער ווערט דער דרויסן.

זי שפּיזלט, דרעמלט, דרעמלט איין. דער קאָפּ פאַלט מיד אַהינטער.
זי האָט, מיר דאַכט זיך, אויסגעשטריקט אַליין דעם ג אַ נ צ ן ווינטער!
כ׳קלאַפּ אָן אין טיר. זי עפנט מיר און קוקט מיך אָן צעשראָקן:
— אוי וויי! ווי אַלט דו ביסט, מיין זון! אַ ווינטער־ווייסער זקן!

דו ווייסט דאָך, אַז דער טאַטע איז שוין לאַנג עליו השלום.
געשטאָרבן און געלאָזן מיך — אַ שאָטן פון אַ חלום . . .
זיווישט פון באַק אַראָפּ אַ טרער . . . זיי מוחל! גאָר פאַרגעסן:
דו ביסט אַוודאי מיד פון וועג, ביסט הונגעריק, ווילסט עסן.

זי גרייט צום טיש און לייגט אַוועק אַ לאַבן ברויט, אַ מעסער.
זי דרייט אַרויף דעם קנויט פון לאָמפּ און מאַכט דאָס פייער גרעסער.
— דאָ ליגט פאַר דיר אַ פּעקעלע — אַ קליינס אפילו — אמת . . .
געוועזן אַן אביון, ווי דו ווייסט, נאַר, פאָרט — ירושה . . . נעם עס.

כ׳עס אָפּ און נעם דאָס פּעקעלע צו מיר אונטערן אָרעם.
איך ווייס וואָס אין דעם פּעקל ליגט: דעם טאַטנס ביסל ספרים.
ווי ווייט עס איז פון „דאָרט״ ביז „הי״? וואָס דאַרף דער וועג געווערן?
אַזוי פיל וויפל עס געווערט דער נאָפּט אין מיין לאַמטערן . . .

איך עפן אויף דאָס פּעקעלע, און ס׳טוט אויף מיר אַ ווייע
מיט ווייסער מרה שחורה פון מיין טאַטנס באָרד און פּאה.
אַ מחזור און אַ תהילימל — פאַרפלעקט פון וואַקס און טרערן —
אַ סידור . . . נאָר, די אותיותלעך — ווי בלישטשענדיקע שטערן.

איך מיש . . . די אותיות גליען שוואַרץ אַרויס פון אַלטן סידור.
זיי פינטלען, ווינקען, פּיעשטשען זיך: פאַרכישוף אונדז אין לידער!
איך מאַך צורעכט דעם לאָמפּ, און שאַר די אותיותלעך צוזאַמען —
מיין טאַטנס צער, מיין בענקעניש, דעם טרויער פון מיין מאַמען.

*   *   *

אין אויוון ברענט. די מאַמע שטריקט. די שפּיזלעך בלוי זיך מינען.
אין דרויסן שנייט . . . כ׳בין ווייס פאַרווייט, און די ציפּרעסן גרינען.

# זאַווערוכע

(אוקראַינישער דאָרף־מאָטיוו)

אַ ווייסע זאַווערוכע.
אַ נאַכט אין חודש שבט.
עס שנייט אַזוי פּאַמעלעך
שוין דריי מעת־לעת כמעט.

מיין שטיבל ליגט אינדרויסן,
אין בלענדיקן זאַווײ —
אַ ליכטיק־ווייסע קישן,
אויף פּערינעס פון שניי.

די שטוב איז קליין און וואַרעם.
דאָס האָלץ אין אויוון ברענט.
עס רויטלען זיך די פלאַמען
צעשאָטנט אויף די ווענט.

דער לאָמפּ אין מיט פון סטעליע,
אין קראַנץ פון שימער־ראָד,
פאַרשפּרייט אַ סומנע פייער,
באַהאַלט אַ טעמנעם סוד.

אינמיטן טיש — אַ שיסל
וואַרעניקעס מיט קעז,
פאַרשמעקט דאָס קליינע שטיבל
מיט ריחות, ווי פון בעז . . .

פון שיסל זעצט אַ פּאַרע
און קלעטערט אויף די ווענט.
אינדרויסן זאַווערוכעט,
דער פראָסט אין פענסטער ברענט.

די אָרעמע בהמה,
אין שטאַל, באַלד דריי מעת־לעת,
גייט איין פון חבלי לידה,
נאָר גאָט פאַרהאַלט דעם נס . . .

דער דאַך איז ווייס, נאָר אונטן,
אין שטאַל, די נאַכט איז שוואַרץ.
דאָס מרוקען, דער בהמה׳ס,
רייסט ממש אויס דאָס האַרץ.

איך זיץ און מעלה־גרה —
פון יוצא וועגן . . . סתם.
איך שלינג אַראָפּ דעם ביסן,
און פיל קיין ברעקל טעם . . .

אַז, רק איך זע אין דמיון
די קו, און ביי איר דיך
דאָס קעלבעלע, אַ נאַקעטס,
צעשראָקן צאַפּלט זיך . . .

אין שטאַל ווערט שטיל אַ רגע.
איך הער זיך איין מיט שרעק.
דער שניי כאַפּט אויף די שטילקייט
און טראָגט זי ווייט אַוועק.

איך צינד אָן דעם לאַמטערן
און לאָז זיך גיין צום שטאַל.
אין בלינדער זאַווערוכע
בליצט אויף אַ מאַטער שטראַל . . .

# רעגן אין חודש תמוז

## א

### בלויער ריטער

שיין צו זען ווי ס׳לויפט דער רעגן
מיט אַ חדוה דיר אַנטקעגן;
שפּרינגט די גרינע בערג אַריבער
און באַפאַלט אין גאַס די שטיבער;
טוט אַ וויכער מיטן פעכער
איבער אָנגעהייצטע דעכער,
אַזש עס טוט אַ זעץ אַ פּאַרע
פון די שינדלען ביז דער כמאַרע.

ס׳האָט דער רעגן טויזנט אויגן,
און אַ רייטפערד — פייל פון בויגן.
ווי נאָר ער באַמערקט פון ווייטן
ווער עמען גיין צופוס, צי רייטן,
אָדער פאָרן מיט אַ וואָגן —
מוז ער אים אַריבעריאָגן!

נאָר דער קלוגער שליאַך, דער גרויער,
ער פאַרמאָגט אַ שאַרפן אויער —
איז דער ערשטער צו דערשפּירן
פון דער ווייט דאָס גאַלאָפּירן
פון דעם בלויען רעגן־ריטער.
מאַכט ער אָן אַזאַ געוויטער,
הייבט אָן ווייען, דרייען, קערן —
ביזן שטויב אַזש בלינד צו ווערן!

נאָר דער בלויער רעגן־ריטער,
ווי אַ פלינקער זאַנגען־שניטער,
מיט דער קאָסע טוט אַ פעכער,
און עס בלייבט פון שטויב קיין זכר!
בלויז נאָר דאָ און דאָרט סימנים,
אָט ווי שטופּלען אויף אַ פּנים . . .

אויף דער לאָנקע, שאָף און רינדער
אין בהלה לויפן, קינדער,
אין די גאַסן, טאַנצן, שפּרינגען,
פרייען, דרייען זיך און זינגען:

„גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן
פון די קליינע קינדערס וועגן — — —"

ב

## די אָזערע

אויך די אָזערע די בלויע
האָט פון רעגן שטאַרק הנאה.
אויסגעמוטשעט פון די היצן,
פון דעם פאַרען זיך און שוויצן,
טובלט זי זיך איצט אין רעגן,
יעדער טראָפּן — אַ פאַרמעגן!

(מענטשן מיינען דאָך אוודאי,
אַז די חמימה און די סטאַדע
טוען אָן איר ווינציק שאָדן.
אגב, מעג זי אויך זיך באָדן,
פּונקט ווי מענטשן, קאַטשקעס, קינדער,
בושלעס, שוואַלבן, שאָף און רינדער!)

ליגט זי נאַקעט אויף די ברעגן,
טובלט, פּליושקעט זיך אין רעגן,
קוועלט, צעגיסט זיך אַזש פאַר נחת.
אַי, וואָלט זי געוואָלט, להכעיס,
מיט דער וועלט אַ קאָפּ זיך רייצן:
טאָן אַ שטיף און ס׳פעלד פאַרפלייצן,
שטעט און דערפער אונטערשווענקען,
אַז מען זאָל זי לאַנג געדענקען!

ג

## דער וואַלד

און דער וואַלד, דער מידער זקן,
כאַפּט זיך אויף פון שלאָף צעשראָקן.
פון דער היץ אַן אויסגעצערטער,
אַ פאַר׳חלש׳טער, דערהערט ער
פאָרט דעם רעגן פון דער ווייטן
איידער נאָך ער קומט צו רייטן.
שטענדיק לעבט ער אין יסורים
מחמת מורא פאַרן שטורעם,
ביז ער כאַפּט זיך, אַז דער רעגן
רעגנט גאָר פון זיינעטוועגן,
אַז ס׳איז תּמוז, עכטער זומער!
הייבט דער אַלטער וואַלד, דער שטומער,
אויף צום הימל זיינע צווייגן,
און צעשרייט זיין שטומען שווייגן:

„גאָט אין הימל! לאָז געראָטן
מיר דעם מידן וואָגלערס שאָטן.
פאַר די קראָליקעס די קליינע —
זשאַלודעס, ווי צימרינג ברוינע;
שטילע, קילע, טיפע גראָזן —
פאַר די שרעקעדיקע האָזן;
פאַרן פוקס — אַ צווייג־געלעגער,
צו באַהאַלטן זיך פון יעגער.
מאַך מיר פול די קוואַלן־גריבער
פאַר דער שוואַלב און פאַר דעם ביבער.
גאָט פון רחמים, גאָט פון וואונדער!
בענטש מיר יעדן בוים באַזונדער —
פון דעם קלענסטן ביז דעם גרעסטן —
מיט געדיכטע פויגל־נעסטן.
זאָלן זיי ווי זאַמד און שטערן
שטיל זיך פּרוכפּערן און מערן.

גאָט! געבענטשט זאָל זיין דיין נאָמען!
אמן. אמן. אמן!"

## ד

## די ווינטמיל

אויפן באַרג — די ווינטמיל דרייט זיך
אין דעם רעגן־ווינט און פרייט זיך:
פליט אַזוי שוין יאָרן, יאָרן
און קיין אָדלער — ניט געוואָרן.
איצט וועט זי זיך פלייסן, מיען
טאָן אַ הייב — און פליען, פליען!
וואוהין די אויגן וועלן טראָגן,
וואוהין דער ווינט וועט זי פאַריאָגן . . .
ביז די וואָלקנס, ביז די שטערן,
ביז . . . זי וועט אַן אָדלער ווערן!

נאָר דער רעגן וויל ניט וויסן —
גיסט און הערט נישט אויף צו גיסן.
בייסט זי מיט די קרומע ציינער,
ביז די פליגלען — שווער ווי שטיינער —
קענען קוים וואָס זיך באַוועגן
אין דעם שטורעמדיקן רעגן.

נאָר, דער ווינט, וואָס איז זייט יאָרן
מיט דער ווינטמיל איינס געוואָרן,
פרואווט זי טרייסטן — אדרבה!
עצבות, צער איז — עולם הבא!
גאַרן, בענקען מיינט — בטחון!
און סבלנות איז — נצחון!

ס'האָט דער רעגן טויזנט אויגן,
און צום סוף — אַ רעגנבויגן!

## ה

## ג ר ע ט

אויפן פּלויט, פון ווינט פאַרמאַטערט,
הענגט דאָס נאַסע גרעט און פלאַטערט.
העמדער ווייסע, אָנגעבלאָזן
ווי צערייצטע טשאַרנאָהוזן,
מיט די שטריק זיך ראַנגלען, שלאָגן . . .
— פליען וואו די אויגן טראָגן!
פּטור ווערן פון דעם אַלעס —
לאַטעס, שמאַטעס, ברודנער דלות!
פון דער פּראַטשקע, דער מכשפה;
פון די מולינקעס די טריפע;
פון דעם ברודנעם פּאַרע־ריח;
פון דעם פּראַניק, דעם רוצח — — —
נאָר דער רעגן — בייז און ביטער —
בייטשט און דרעשט מיט שאַרפע ריטער.

אייביק רעגענען, חלילה,
וועט אין חשון ניט אפילו!
היינט, מכל־שכן שוין אין תמוז!
אגב, גייט דאָ ניט אין כמות,
נאָר אין איכות — — — —
קו־קו־רי־קו־ו־ו — — —
שרייט אַרונטער פון דעם שייער
אָ צעפליגלט רויט שטיק פייער:
קו־קו־רי־קו־ו־ו — — —
— מענטשן, בוימער, עופות, שטיבער!
שוין! . . . דער רעגן באַלד פאַראיבער!
באַלד פאַראיבער!

ו

# ה י נ ע ר

צווישן ראַדן כמורנע הייזער —
ווי אַ ציפּערבלאַט אָן ווייזער —
טוט די זון אַ וואונק — באַהאַלט זיך.
פּרואווט אַ טראַט טאָן און פאַרהאַלט זיך.
רונדיקט אויס זיך און — צעשפּאַלט זיך,
טוט אַ שמייכל און — צ ע ש ט ר אַ ל ט  ז י ך.

רעשטלעך וואָלקנס זיך באַוועגן.
אונטער סטריכעס, נאַס פון רעגן,
זיצן הינער שטיל, בשלמות.
דרעמלען, חלומען חלומות:
ווער פון קופּער־רויטן קרייער . . .
ווער פון בלוילעך־ווייסע אייער;
ווער פון ווערים, ווער פון פּראָסע;
ווער פון הינדעלעך קאַרנאָסע . . .

איך, ביים פענסטער זיץ אַ מידער,
און איך חלום — בלויע לידער . . .

# אַ וואָגן פּריש־געקאָסעט היי

ביים סאַמע שפּיץ פון באַרג, אין מיט פון שקיעה־פלאַם,
איז ווי פון העלער הויט אויף איינמאָל אויסגעוואָקסן —
אַ וואָגן פּריש־געקאָסעט היי, אַ פויער מיט אַ בייטש,
אַ ווידלע און צוויי קליינע, הערנערדיקע אָקסן.

אין רויטן שטראַלן־נעץ פאַרשפּונען גאָלדיקט זיך אַרויס
דער וואָגן היי, דער סערפּ, די ווידלע און דער פויער;
די אָקסן, און דער שמאָלער שליאַך, וואָס שלענגלט זיך אַראָפּ
פאַרביי דער אָזערע, וואָס דרעמלט צווישן מיל און טויער . . .

געציילטע רגעס און די זון פאַרגייט. בלויז דאָ און דאָרט
נאָך גלימערט אויף אַ גאָלדן קערנדל און טוט אַ מינע —
אין וואָגן היי, אין אויג פון אָקס, אין האָרן־שאַרף,
אין סערפּ, אין ווידלע און אין פויערלס טשופּרינע.

דער לעצטער שימער און עס לעשט זיך אויס — דער באַרג,
דער וואָגן היי, די ווידלע און דער דרעמלענדיקער פויער,
די הערנערדיקע אָקסן און דער שלענגלדיקער שליאַך,
דאָס פעלד, די מיל, די אָזערע וואָס שלאָפט הינטערן טויער . . .

עס פעלדלען זיך די סאַמעט־ווייכע וועלן אויפן געלן זאַמד.
דאָס פויערל איז מיד, קען קוים די אויגן האַלטן אָפן.
אים דאַכט זיך אויס — די מידקייט רעדט אין אים: דער דורשט
אין דיינע אָקסן ווייגט . . . און איך, דיין מידקייט, חלש שלאָפן . . .

עס הוידעט זיך ביים ברעג פון בלויער אָזערע דער וואָגן היי,
דאָס פויערל, די ווידלע, די יאַרמאָ, די הערנערדיקע אָקסן —
צעשאָטנט אין דעם שפּיגל פון דער אָזערע, וואָס בלויט אַרויס
פון צווישן שטערן זילבערנע — אין דעמער־ליכט צעוואָקסן.

ס'איז שטיל. עס הערט זיך ווי דער אָקס דער מידער טרינקט,
ווי ס'וואַסער טריפט ביי אים פון מאָרדע אויפן זאַמד דעם געלן —
געפּלאַצטע סטרונעס פון אַ האַרף — ווי ס'זיפצט אין מידן אָקס
דער שלאָף . . . און ווי עס לאַשטשען זיך צום ברעג די ראָזע וועלן.

דער קילער נאַכט־ווינט פּאַדעט שטיל אַרום דעם וואָגן היי,
און אָטעמט איין אין זיך דעם ריח, די דעמערונג — אַ זכר
נאָכן טאָג . . . אין נעפּל־שפּריי גייט אויף אַ דינער אַראָמאַט
פון פריש־געקאָסעט היי אַריבער דרעמלענדיקע, מידע דעכער.

# די גנבה

דעם לעצטן וואָגן היי פון פעלד
אַרויפגעפירט צום שייער.
פאַרנאַכט. די ערד ליגט נאַקעט, הויל,
ווי אָקאָרשט נאָך אַ פייער.

געבליבן ווי אַ זכר בלויז
אַן אָפּגעניצטע ווידלע,
אַ סליאַד פון רעדער, אוןביים צאַם
אַ פינסטערע סטראַשידלע.

די אָרעמס אויסגעשטרעקט צו גאָט,
צעלאָזט אין ווינט די פּאָלעס.
די געלע ווערבעס פּאַזע שליאַך —
פאַרלאָשענע הבדלות.

טויט־שטיל, בלויז ווען ניט ווען אַ קראָ
זיך הייזעריק צעקראַקעט.
די מידע זון פאַרגייט, און לאָזט
דעם הימל אָדם־נאַקעט.

אַ בעטלער גייט פאַרביי . . . בלייבט שטיין:
אַ נס האָט אים געטראָפן!
אַ „ב ג ד"! . . . דאָס וואָס ער באַדאַרף!
זאָל גאָט אים נאָר ניט שטראָפן!

ער הילט זיך אין די שמאַטעס איין
און לאָזט זיך נאָכן שטעקן:
ער לויפט! — זאָל הינטער אים די נאַכט
זיין זינד פאַר גאָט פאַרדעקן!

# אַרום דער לבנה

טשיקאַווע!
ווי ס׳קען דיר די לבנה אָפּט
דערמאָנען קלייניקייטן פון אַמאָל־אַמאָל.
זכרונות קינדישע, ווען דו ביסט נאָך געווען קליין.
דערציילן פאַר דער וועלט די אַלע קלייניקייטן — שעמסטו זיך:
ניט שיין!

נאָר פאַר דיין שרייב־טיש, פאַר דיין בייגעלע פּאַפּיר,
איז שעמען זיך ניט שייך.
דו שעמסט זיך ניט,
אַ שטייגער, ווי דו פלעגסט זיך מיט דיין נאַקעטקייט,
אַלס קינד, ניט שעמען פאַרן טייך.

וואָרעם איך אַליין געדענק,
בעת איך בין אַ קונדסל געווען,
פלעג אָפּט הנאה האָבן זיך אַ נאַקעטן צו זען
אין טייך,
אַרומגעגאַרטלט מיט אַ ברייטער וואַסער־רייף,
זיך שפּיגלען אין די קילע וועלן־פּאַטשערקעס,
וואָס פלעגן בלעזלען זיך אַרום די לענדן דיינע אין דער זון,
ווי מולינקעס פון זייף.

האָב ליב געהאַט צו קוקן אויף די פּיס אין טייך,
וואָס פלעגן אינם וואַסער ווערן גרינג, עלאַסטיש,
צעהוידעט . . . שלאַנגלדיק און דין;
באַטראַכטן לאַנג די נעגל אויף די פינגער פון די פּיס,
אין זילבער־בלויען זאַמד,
וואָס פלעגן אין קרישטאָליק־קלאָרן וואַסער ווערן ווי בורשטינען.
דו קוקסט און ווערסט נתפּעל פון די בלישטשענדיקע וועלן אין דער זון.
דערלאַנגסט מיט ביידע הענט אַ פּאַטש אין פּוזעוואַטן טייך,
טונקסט אונטער זיך,
און לאָזסט זיך שווימען אונטערן וואַסער ווי אַ וויון.

נאָר — עט!
נישט דאָס גאָר בין איך אויסן . . . זיך פאַררעדט!
געוואָלט האָב איך דערציילן גאָר אַן אַנדער זאַך.
אַ פּשוט מעשהלע:

געווען אַמאָל אַ שטיבעלע פון ליים.
דריי קליינע, קרומע פענסטערלעך,
אַ פליכעוואַטע טיר,
אַ שטרוי־געדעקטער דאַך —
מיין היים.

געוואוינט האָט דאָרט, אין יענעם שטיבעלע —
מיין טאַטע און מיין מאַמע, איך —
אַ באָרוועס אינגעלע.
דער טאַטע איז געווען אַ מילנער און אַ וויסטער אָרעמאַן,
און ניט געהאַט מיט וואָס צו קויפן פאַר זיין אינגל שיך,
נאָר מיך האָט דאָס לחלוטין ניט געאַרט.
אַ ראַיה? —
מיט אַ יאָר צי אַנדערהאַלבן שפּעטער, אַז ער האָט שוין יאָ
אויף יום־טוב מיר געקויפט אַ פּאָר טאַנדעטנע שיך,
האָט מחמת דעם די מאַמע מיך געהאַלטן זיבן טעג
פאַרשפּאַרט אין שטוב.
דעם גאַנצן יום־טוב ניט אַרויסגעלאָזן מיך אין גאַס:
זי דרינגט, אַז שיך —
א פ י ל ו יוכטענע — צערייסן זיך!

נאָר, נישט דאָס בין איך אויסן גאָר.
האָב ווידער זיך פאַררעדט!
געוואָלט האָב איך דערציילן גאָר אַן אַנדער זאַך.
די מעשה איז אַזוי געווען:
אַנומעלט, אין אַ ניסן־בלויען דאָנערשטיק ביינאַכט —
אַזייגער עלף, צי — צוועלף . . . געדענק ניט אַקוראַט.
איך ווייס נאָר — ס'איז געווען שוין היפּשלעך שפּעט.

כ׳דערמאָן זיך, ווי ס׳וואָלט נעכטן ערשט געשען:
די מאַמע שטייט ביים לאָקשנברעט
און וואַלגערט מיטן וואַלגערהאָלץ
אַ בלעטל לאָקשן פאַר דער שבתדיקער יויך . . .
איך הער, אין דרעמל, ווי זי זאָגט אַזוי צום טאַטן: — ה ע ר ש !
וועסט דאָס מאָל מוזן מוחל זיין.
נישטאָ אויף קיין רפואה כאָטש אַ האַלבע איי.
דאָס בלעטל לאָקשן, מאָל דיך, האָט אַ פּנים פון אַ מת,
און ווי אַ קאָפּ־האָן נעבעך אויסגעווייקט און בלייך,
געראָטן אין דער יאלעווער לבנה,
וואָס שפּיגלט זיך אין צלם פון דעם קלויסטער אין דער הייך.
(די מאַמע האָט די תּפילה פיינט געהאַט בתכלית השנאה.
געהאַט אויף איר אַ ביטער האַרץ . . .
דערפאַר, וואָס ווען ס׳איז נאָר געווען אין דאָרף אַ חגא,
פלעגט זיין ביי איר דאַן תשעה באב . . .
זי פלעגט פאַרריגלען טיר און טויער און באַהאַלטן זיך
אין קראָפּעווע פון עיפּושדיקן ראָוו).

דער טאַטע האָט אַ זיפץ געטאָן און זיך גענומען ווי פאַרענטפערן.
דאָס קול זיינס האָט געציטערט בלייך, הכנעהדיק און ווייך:
— אַ דאגה דיר! . . . אַבי די לאָקשן זאָלן זיין נאָר דינטשיק־דין!
אָן אייער איז קיין אומגליק ניט . . .
אַז מ׳קען ניט קויפן טערקישן טוטין,
איז . . . רויכער איך מאַכאָרקע, וואָס איז גרין און שוואַרץ,
ווי ווינעטשע, און ביטער — ממש גאַל!
עס רייסט מיר, מאָל דיר, טאַקע אויס דאָס האַרץ . . .

כ׳האָב גראָד געהאַלטן ביים אַנשלאָפן ווערן שוין.
נאָר דאָ האָב איך דערשפּירט, ווי ס׳דלובעט מיר אין אויג
אַ קיל לבנהדיקער שטראַל.
איך טו אַן עפן אויף דאָס אויגל און באַמערק,
ווי די לבנה קריכט מיר אויף דער באַק.
אַ רגע שפּעטער — איז זי שוין ביי מיר אין בעט.
עס נעמט ניט לאַנג, און זי איז שוין אַף דר׳ערד,

און קריכט, קאַראַבקעט זיך אַרויף צום לאָקשנברעט,
שפּרייט אויס זיך אויפן בלעטל לאָקשן אין איר גאַנצער גרויס,
אָט פּונקט ווי צוגעמאָסטן, צוגעשניטן פּאַר אַן אונטערשלאַק . . .
דער טאַטע טוט אַ כמורנע לאַך און מאַכט:
— דו זעסט כאָטש, דאָברעש־קרויץ, די מעל
פון א ו נ ד ז ע ר מיל — אפילו אַ ן אַן איי איז אויכעט געל!

די מאַמע ענטפערט ניט.
ווערט בלייך און קוקט, און קוקט, און קוקט אַזוי
צום פענסטערל וואָס גלאָצט אַראָפּ
אויף מיר און אויף מיין בעט:
באשר, זי האָט אומגעריכט דערזען
אַ סאָווע אויף מיין פענסטער־געזימס,
די פּאָפּעליאַטע פליגלען אירע אויף דער גאַנצער ברייט
פון פענסטער — איבער אַלע שויבן אויסגעשפּרייט.
(די מאַמע האָט זיך אָנגעהערט פון פויערטעס,
אַז סאָוועס ברענגען שלעכטע בשורות —
וועגן אומגליק, טרויער, טויט).

דער טאַטע נעמט זי איין: — אַ סאָווע? . . . אַן סכנה!
פרילינג . . . האָט זי זיך דערפרייט מיט דער לבנה . . .
באַמערקט גראָד, ווי זי פאַדעט דאָרט אַרום דעם פענסטערל פון קינד . . .
האָט זי געטאָן אַ פלי . . .
בייטאָג, בשעת עס שיינט די זון
איז דער מין פויגל נעבעך בלינד . . .

ווי זאָגט דאָס ווערטל:
אפילו קרעפּלעך עסן ווערט דאָך נמאס סוף־כל־סוף.
צו וואָך זיין — ווי צו אַלע גוטע זאַכן — איז דאָך אויך פאַראַן אַ שיעור!
דער מאַמעס לעצטע ווערטער זיפן זיך מיר דורך שוין דורכן שלאָף,
ווי ס׳אומעטיקע זשוזשען פונם אַלטן וואַסער־ראָד,
דורך דער שטילקייט פון דער נאַכט —
ש מ ע י ש ר א ל ד׳ א ל ה י נ ו ד׳ א ח ד!

קאַיאָר, אַז איך האָב זיך פון דרעמל אויפגעכאַפּט,
האָט צווישן מזרח און דעם וואַלד זיך שוין געהייצט
דער פרילינג־פריִער אינדערפרי.
די זון האָט שלוהדיק געפלאַקערט,
געביטן זיך פון בלוי אויף ברוין, פון ברוין אויף רויט.
אַ פויער האָט אין פעלד געאַקערט,
און אויף דער לאָנקע האָבן זיך געפּאַשעט קי.
אין שטוב האָט נאָך געברענט דער אויוון . . . אויפן טיש
האָט וואַרעם־פריש
געשמעקט דאָס קליינדיקע ברויט.

## דאָס ליד פון וואַסער־ראָד

דער טייך איז פול. דער וואַסער־ראָד
כאַפּט אָן אַ ווילדער חשק:
אַ נעם טאָן אויפן קאַרק דעם טייך
און טאָן אַ הייב אים אין דער הויך,
און טאָן מיט אים אַ פּעכער —
אַ רעגנשפּריי, אין חודש מאַי,
אויף בוימער, פעלדער, דעכער!

עס וואַסערן די בערג . . . דער טייך
פון פרילינג־ווינט מעוברת.
משמעות, פאַר דער וואַסער־ראָד
איז דאָס, וואָס איז געשען, אַ סוד . . .
אַ נס מן השמים!
ס'דערמאָנט זיך איר: אַ גרויע קעלט . . .
אַ ווייסע וועלט . . . אַ פּראָסטיקער בית־חיים . . .

עס קרעכצט די וואַסער־ראָד און הערט:
די זשאַבעס זעגן, זעגן
מיט זייער טרויער־ליד,ביים ברעג,
די נאַכט ווי מיט אַ טעמפּער זעג —
פאַרכאַפּט פון אַ שגעון —
זיי וויגן זי, זיי לאַשטשען זי
און לאָזן זי ניט רוען . . .

און איך — עס ווייכט פון מיר דער שלאָף —
ליג וואַך אויף מיין געלעגער
און הער ווי ס'ווײנט די וואַסער־ראָד,
און כ'נעם אין זיך אַריין דעם סוד,
דעם נס און דעם שגעון.
איך ווער דער טייך, די מיל, די ראָד;
די נאַכט, וואָס לאָזט ניט רוען . . .

# די נחלה

די חורבה כורעימט פאַר דעם ווינט —
אַ בעטלערקע אין שמאַטעס.
די ווענט צעפּאָקט, די פענסטער בלינד,
דער דאַך איז גאָלע לאַטעס.

דאָך, הפקר איז די חורבה ניט.
כאָטש זי געהערט נישט קיינעם,
האַלט גאָט ברוך־הוא אַן אויג אויף איר,
און ס׳היטן זי די שכנים.

זי איז די „נחלה" פון דער גאַס.
אין זאַווערוכעס, רעגנס —
איז זי דער „דאַך", דאָס איינפּאַר־הויז
פאַר בעטלערס אונטערוועגנס.

די גאַס, זי היט זיך טאָן איר בייז:
— סאָ זינד פאַר גאָט! מע טאָר נישט!
פאַרמאָגט קיין דאַך, קיין פענסטער ניט,
דאָך, בעסער איידער גאָרנישט!

קיין נאָווינע צו זען צו חצות
פאַרן פוסטן הויז אַ שאָטן —
אַ זקן מיט אַ ווייסער באָרד,
און אַ לאַנגן טלית־קטן —

פאַרקערנדיק פון פאַר דער שוועל
די געל־פאַרוועלקטע בלעטער,
וואָס ליגן אויפגעהורבעט נאָך
דעם טריבן רעגן־וועטער . . .

אָפט זעט מען — פרייטיק, פרי פאַרטאָג —
אַ ווייבערש העמד אין שקראַבעס,
אַרום דער „נחלה" פאָרען זיך —
רוימט אויף לכבוד שבת!

פֿאַרקערט אַרום די ווענט דעם קאַלך,
די ליים, די שטרוי פֿון סטריכע:
— פֿאַררעכן מיר די מצוה, גאָט!
זאָל׳ס זיין מיין שכר־הליכה!

נאָר ווען פֿון אַלע פֿענסטערלעך
די בענטש־ליכט נעמען שטראַלן,
דערפֿילט זיך ערשט די „נחלה" וויסט,
פֿאַרוואָרלאָזט און געפֿאַלן . . .

דער בעטלער, ער אפילו ז׳הײַנט
ביי עמיצן אַן אורח:
זינגט זמירות, בענטשט . . . און זי? זי זינקט
אין דר׳ערד אַריין ווי קורח . . .

# הירשל ווערט נתגלה

מ. קאַטץ, מיין ערשטן רעדאַקטאָר, געווידמעט

פֿאַרטאָג,
ווען גאָט אַליין אפילו שלאָפֿט נאָך, איז שוין הירשל אויף די פּיס.
כדי אַליין זיך צו מפרנס זיין,
האָט ער געקויפֿט אַ שטיקל צייטונגס־„ראָוד״,
און איז מחדש יעדן אינדערפֿרי די זון,
דערביי פֿאַנאַנדערוואַרפֿנדיק די מאָרגן־צייטונגען
פֿאַר פֿרעמדע קאָרידאָרן, שוועלן, טרעפּ וואָס דרעמלען נאָך.
אַזוי כסדר, פּינקטלעך ווי אַ זייגער, זיבן טעג אין וואָך.

זיך אָפּגעפֿאַרטיקט, כאַפּט ער אויף דער גיך אַ טרונק, אַן עס,
טוט שנעל זיך איבער און ער איילט זיך כאַפּן דעם „עקספּרעס״,
וואָס פֿליט, ווי זיבן שדים, קיין לאָנג־איילאַנד, אונטער דר׳ערד.

ער גייט אין לערער אינסטיטוט.
ער לערנט זיך די אידעאַלע פּראָפֿעסיע — לערעריי.
אַזייגער דריי בייטאָג ווערט הירשל פֿריי . . .
די ברירה איז ביי אים: צי זאָל ער מאַכן זיין „אוראָק״,
צי שרייבן לידער . . . שרייבט ער לידער סיי ווי סיי.

ביי אים אין שופֿלאָד מערן זיך די לידער, ווי די שוועלבעלעך
אין פֿרילינג־צייט.
זיי וויינען ממש, ווי די קליינע קינדער ביי דער נאַכט,
זיי טענהן, מאָנען, וועקן אים פֿון שלאָף:
— עד מתי, הירשל? . . . וואָס וועט זיין דער סוף?!

אוודאי הערט ער, ווי זיי וויינען דורך די נעכט,
וואָרים הירשל שלאָפֿט ניט . . . הירשל וואַכט און טראַכט:
— אַ ביטערער רחמנות! ס׳איז זיי נעבעך שלעכט.
זיי טענהן ניט אומזיסט . . .זיי זיינען דאָך גערעכט!
— צו וואָס האָסטו אונדז אויף דער וועלט געבראַכט?!
כדי מיר זאָלן וויאַנען, ווי דאָס גראָז אין האַרבסט?
ער הערט און ס׳טוט אים וויי דאָס האַרץ.

נאָר, גיי און שלעפּ זיי צו דער שחיטה, ווי מען שלעפּט
צום שוחט עופות . . . הינדעלעך געפּענטעטע:
— זייט מוחל . . . שוחט . . . שעכט!

און הירשל קלייבט ביי זיך אין דער מחשבה איבער איינס נאָך איינס
דאָס ביסל רעדאַקטאָרן, ווי זיין באָבע סימעלע, עליה השלום, פלעגט
פאַרטאָג, ביים שיין פון נאַכט־לאָמפּ, איבערקלייבן אירע אַרבעסלעך,
כדי ניט נכשל ווערן . . . און צוליב אַן אַרבעסל אַ ווערעמדיקס
פאַרשפּילן, חס ושלום, ס׳ביסל עולם הבא מ׳שטיינס געזאָגט.

און הירשל ישובט זיך:
צו וועמען זאָל ער ווענדן זיך צוערשט?
אַ וואָסער חלף האָט נישט קיין פּגימהלע?
און וועלכער שוחט האָט אַ גרינגע האַנט?
ער איז כמעט מיט אַלע רעדאַקטאָרן, פון דער וויטנס, שוין באַקאַנט.
שוין וויפל מאָל געהערט זיי דרשהנען, ביי כלערליי פאַרזאַמלונגען,
דער עיקרשט ערב וואַלן . . . אין די זאַלן און אין גאַס.
ער האָט זיי אַלע, דאַכט זיך אים, כמעט נישט ליב.
כסדר, נאָר זיי האָבן קריוודעס צו דער וועלט.
נישטאָ קיין זאַך, וואָס זיי געפעלט.
זיי רעדן האַרטע, האַרבע רייד, מיט רוגזה און מיט כעס.

פאַראַנען אָבער איינער צווישן זיי —
אַ בלאָנדער, הויכער, שלאַנקער, עלעגאַנטער יונגערמאַן,
מיט שווערע וואָנצעס, בלויע אויגן, הינטער זילבערנע פּינסנע,
וואָס קוקן מילדע, מיט רחמים אויף דער בידנער וועלט,
ווי שטערן אויף אַ שיף, וואָס בלאָנדזשעט אויפן ים
אין אַ ביינאַכטיקן טומאַן . . .
דאָס גאַנצע יאָר כסדר קנעלט ער מיט דעם עולם נאָכאַנאַנד
די סדרה — איבסען: נאָראַ, בראַנד, פּיער גינט.
און פאַר אַ נאָווינע אַמאָל — אַ פרשה מעטערלינק, זאָלאַ.
אויף אים האָט הירשל לאַנג געוואָרפן שוין אַן אויג.
דעם ערשטן וועט ער אַטאַקירן אים . . .

(אַט ווי מען איז זיך נוהג אין אַ שלאַכט.
דער שונא אַטאַקירט דעם צד שכנגדו׳ס שוואַכסטן פּונקט צוערשט).

ער מאַכט אַן אָפּקלייב פון די לידער, וואָס ער האָט אין זיין זאַפּאַס.
ער האָט די לידער זיינע אַלע ליב, ווי אַ מאַמע אירע קינדערלעך.
וואָרים יעדער קינד באַזונדער איז דאָך אָפּגעריסן פון איר לייב,
ווי אַן עפּעלע פון בוים . . . ס׳איז אייגן פליש און בלוט!
קיין שלעכטע קינדער — לידער — זיינען דאָך ביי אים נישטאָ!
און דאָך פאַרמאָגט ער לידער וועלכע זיינען — בעסער איידער גוט!

ער קלייבט לעת עתה אָפּ אַ צוויי דריי לידער, און ער פילט ווי ס׳קלעמט
ביים האַרצן הלמאי ער איז די אַנדערע מביש . . . זיי אומזיסט פאַרשעמט!
ער וואַרעמט זיי אַריין צו זיך אין בוזעם־קעשענע, מיט דעם געדאַנק,
אַז ער וועט, גייענדיק פאַרנאַכט אַהיים, פון לערער אינסטיטוט,
פאַרגיין צום הער רעדאַקטאָר פון דעם „טעגלעכן פּראָגרעס״.
ער האָפט, אַז גאָט וועט זיך מרחם זיין
און ס׳וועט געשען דער גרויסער, וואונדערלעכער נס.

ביי טאָג, אַזייגער האַלב נאָך דריי,
ווערט הירשל פריי . . .
פאַרשטייט זיך, אַז די ברירה בלייבט ביי אים —
צי זאָל ער גיין צום „טעגלעכן פּראָגרעס״,
צי אפשר — גאָר אַהיים.

די לידער וויינען אָבער אין זיין בוזעם־טאַש —
ביים סאַמע האַרץ — דער עיקרשט וויינט „דאָס שטערנדל״,
דאָס ליד, וואָס זינגט פון בלינדן גורל, ספקות, האָפענונג
און — חס ושלום — צער.

— וואוהין זשע גייסטו, הירשל? ווילסט אַריבערלויפן, טאָן אַ כאַפּ
דעם בראַנזווילער „עקספּרעס״ און מאַרש אַהיים!
דו פּחדן איינער, וואָס דו ביסט! . . . גיי צו און טו אַ קלאַפּ,
פּראַל אויף די טיר . . . וואָס מאַכסטו זיך צום נאַר?!

און הירשל שלינגט אַראָפּ דאָס לעצטע ביסל שרעק
און נעמט זיך אָן מיט שמשון־בלינדן כוח,
נעמט שמיידיק אונטערטרייבן זיינע קווענקלענדיקע טריט.
אין קריסטי סטריט,
אין הויף פון אַ געדיכט־באַוואוינטן טענעמענט־הויז,
אין קילע שאָטנס איינגעטונקען, כורעימט אַן איינשטאָקיקע געביידעלע.
אַ וואַנט, אַ קויטיקע, ווי אַ געשטופּלט פּנים קוקט דיך ברוגז אָן;
אַ ברייטע, נידעריקע טיר, ווי אַ צערעפּעט מויל אָן ציין —
אָט טוט זיך עס אָן עפן אויף און פאַלט דיך אָן, באַזידלט דיך פון קאָפּ ביז פּיס.
אויף ביידע זייטן טיר — צוויי שמאָלע, לאַנגע פענסטער, איינגעטונקט
אין שפּינוועבס און אין שטויב, זיך ציען ביז אַרונטער צו דער ערד —
דערמאָנסט זיך אין אַן אַלטן ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַט מיט גרויע באַקנבערד.

פון פאָרנט איז די זעצערײַ. אַ מנין יידן שטייט און פּיקט
מיט שוואַרצע פינגער פון אַזעלכע קעסטעלעך דעם דריבנעם שריפט,
דעם בלייענעם פּירעקעכדיקן אַלף־בית,
אַיעדער איינער אין אַ קויטיקן כתב־יד אַריינגעטיפט . . .
ס׳איז שפּעט. ביי יעדן שוויצט דער שטערן און פון פּנים רינט דער שווייס.

דער בידנער הירשל שאַרט זיך ווי אַ שאָטן צו דער גורל־בלינדער טיר,
וואו ס׳שטייט אַ ייד מיט אַ צעקוטשמעט בערדל און אַ פּליכעוואַטן קאָפּ,
מיט גרין־פאַרזשאַווערטע שפּאַקולן אויף אַ באָקסער־דאַרער נאָז,
און פּיקט די דריבנע אותיות, ווי אַ הונגעריקע הון
אין מאַרק, נאָך אַ יאַריד, די האָבער־קערנדלעך פון שטויב.
הכנעהדיק, פּאַמעלעך שאַרט זיך הירשל צו צום פּליכעוואַטן ייד,
און טוט אַ וואָרקע, ווי אַ וויינענדיקע טויב:
— רב ייד, קלאַפּט אָן פאַר מיר,
זייט מוחל, אין רעדאַקטאָרס טיר.
דאָס בערדל טוט אַ רוק אַרויף מיט האַסט
די מעשענע שפּאַקולן אויפן שטערן, קוקט אים אָן,
צעשמייכלט זיך און טוט אַ ביינערדיקן קלאַפּ אין טיר:
— גענאָסע קאַצמאַן, זייט זשע מוחל . . . ס׳וואַרט אויף אייך
אַ יונגערמאַן . . . געבראַכט אַ פרישינקן טראַנספּאָרט פּאַפּיר . . .
ביי הירשלען פלאַמט דאָס פּנים פאַר בזיון: — פּאַסקודנער ייד!

דאָס נידעריקע טירל טוט אַ סקריפּ, אַ כריפּ און עפנט זיך.
אין דרייען איינגעבויגן קריכט אַרויס אויף אַלע פיר
דער אידעלער רעדאַקטאָר, גלייכט זיך אויס,
באַטראַכט דעם שעמעוודיקן בחור אין זיין גאַנצער גרויס,
און זאָגט:
— וואָס קען איך עפּעס טאָן פאַר אייך, מיין ליבער יונגערמאַן?
— כ׳שרייב לידער — ענטפערט הירשל מיט אַ קול פון אַ פאַר׳חלשטן.
— אוודאי . . . ווייזט אַהער . . . כ׳האָב, לײדער, ווינציק צייט.
ביי הירשלען רייסט זיך שיער ניט אָפּ דאָס האַרץ.
עס פייפט אים אין אַן אויער. פאַר די אויגן ווערט אים פלוצלונג שוואַרץ.
די האַנט, די רעכטע, איז אים אָנגעגאָסן ווי מיט בליי,
דאָך שפּאַרט ער זי אַריין מיט שווערער מי צו זיך אין בוזעם־טאַש
און ציט פּאַמעלעכל אַרויס אַ דריי־פיר ווייסע, קליינע בייגעלעך פּאַפּיר.
די ווייסע בלעטלעך שעמערירן, מינען, וויסלען זיך
אויף זיינע פינגער, ווי אַ פרישער קאַרשן־צווייט —
אַ קאַרשן־ביימל האָט זיך אָקאַרשט וואָס . . . צום ערשטן מאָל צעבליט.
אַ ליאַדע ווינטל, חס ושלום, און דאָס ביימל בלייבט
אין איין כהרף עין — נאַקעט הויל . . .
ביי הירשלען אין די שליפן פּיקט דער „טאָמער״
און אין האַרצן נאָיעט, נאָגט
אַ בייז־פּאַרדריסלעכע חרטה . . . נאַר, פאַרפאַלן שוין, צו שפּעט.
ער הערט זיך איין: עס זשומעט אים אין קאָפּ.
און עפּעס יערט אַ ביטערניש ביי אים אין מויל.

געגאָסענע קאַצמאַן מורמלט, פּרעפּלט מיט די ליפּן שטילערהייט.
ער לייענט, און די אויגן שמייכלען עפּעס מאָדנע דין . . .
— וואָס מיינט דאָס שמייכלען, וואָס ער שמייכלט? — טויט צי רויט?!
— איר ווילט איך זאָל זיי דרוקן אין דעם „טעגלעכן פּראָגרעס״?
אַז הירשל האָט ניט באַלד אַוועקגע׳חלשט אויפן אָרט,
איז טאַקע נאָר געווען אַ נס.

דאָך פילן פילט ער פאָרט, ווי ס׳שווינדלט אים אין קאָפּ.
ער זעט באַשיימפּערלעך — די סטעליע לאָזט אַרונטער זיך אויף אים . . .
דער דיל צעהוידעט זיך . . . גייט אויף ווי אַ טומאַן אין פעלד

נאָך אַ געשמאַקן זומערדיקן רעגנשפּריי . . .
אַ ריעגנבויגן טוט אַ מינע זיך און שוועבט פאַרביי,
און קאַצמאַן, דער רעדאַקטאָר, נעמט פאַנאַנדערקלעקן זיך,
ווערט נעלם, ווי אַ זעגל אויפן ים, אין אַ ביינאַכטיקן טומאַן.
ער צעפּלעקט זיך און צעקלעקט זיך, ער פאַרמעקט זיך און — אַנטפּלעקט זיך
אויף קוים אַן אויגנבליק.
ער פאַרהאַלט זיך און צעשטראַלט זיך. ער צעפּאַלט זיך און באַהאַלט זיך,
און טויכט באַלד אויף צוריק . . .
און הירשל, ער אַליין, דער גאָט געזאַלבטער, גליקלעכער . . .
ווערט גרינגער, גרינגער, גרינגער אויף די פיס . . .
ער שטאַרקט זיך — טאָמער, חס ושלום, חלשט ער אַוועק —
ער וועט עס גאָרניט איבערטראָגן! פריקרע, פע, חלשות, מיאוס!

אַז הירשל איז צו זיך געקומען איז ער שוין געווען אין דרויסן, אויפן גאַס.
אַנטקעגן האָט די זון גענידערט, און אַ פייערדיקער פּאַס
האָט איבער דעם „איסט ריווער" אויפגעפלאַקערט בראָנזיק־רויט,
אין איין כהרף עין אָנגעצונדן די אַרונטערהענגענדיקע שטריק,
וואָס האַלטן אויף די שווערע רעגנבויגנדיקע ברוקלין בריק.
ס'האָט הירשלען מיט אַמאָל אַ ציי געטאָן אַהין . . .
די גאַסן זיינען פּלוצלונג אים געוואָרן ענג,
און שווער די שאָטנס פון דער שטאָט.
ער גאַרט צו זיין מיט זיך אַליין, העט הויך, העט הויך
אַריבער אַלע מויערן . . . וואָס ווייטער פון דער ערד . . .
וואָס נעענטער צום הימל און צו גאָט.

ער שפּאַנט, און שפּאַנט, און שפּאַנט.
דער רויטער פּאַס פאַרלעשט זיך, און דאָס וואַסער אונטער אים
ווערט טונקלער, טונקלער, טונקל־גרוי . . . סכנות טיף!
אין טונקעלן טומאַן פאַרלוירן ווייגט פאַנאַנדער זיך אַ בלודנע שיף
מיט אַ באַסאָוון, הייזעריקן קול . . . צעצויגן, שלעפעריק און מיד.
די בריק ווערט פּלוצלונג נעלם, אויסגעכאַפּט פון אונטער זיינע פיס.
ער העגנט אַ פלאַטערנדיקער אין דער נאַכט —
אַ שטערן אויפן ווינט — אַ ליד.

# כ׳נעם מיט מיט זיך —

כ׳נעם מיט מיין וועלט מיט זיך —
אַ טונקעלער לאַמטערן אין אַן אָסיענדיקער נאַכט,
אַ בענקעניש וואָס האָט אין ערגעץ ניט דערפירט;
אַ חלום ניט דערחלומט ביזן סוף;
אַ גלויבן פון נאַראָנים אויסגעלאַכט . . .
אומענדלעך איז די פינצטערניש,
און אייביק איז דער שלאָף.

דער רעגן טריטלט מיר פאָראויס —
מיין זינגעוודיק און ניט דערזונגען ליד.
כ׳שפּאַן נאָך דעם רעגן טראָט ביי טראָט.
אַ כמאַרע ציט — אַ בלינדע סטאַדע שאָף.
און הינטער איר — אַ שווייגנדיקער גאָט.
אומענדלעך איז די פינצטערניש,
און אייביק איז דער שלאָף.

# עס רעדט צו מיר דער חכם

עס רעדט דער חכם־זקן
צו מיר, און זאָגט אַזוי:
— דאָס לעבן איז אַ ספר,
און אָפּט — אַ פֿאַלשע פֿרוי.

דער ספר — פֿול מיט סודות.
די פֿרוי איז — מלא חן,
נאָר איך קום אויס אָןביידן,
און, קוים מיט זיך אַליין . . .

איך לערן זיך פֿון אָדלער,
פֿון פֿלאַטערל, פֿון פֿליג,
פֿון גראָז, פֿון בוים, פֿון שטערן,
פֿון קינד, וואָס וויינט אין וויג.

נאָר, אַלצדינג איז זיך סותר —
ווי איך מיט זיך אַליין.
אַמאָל בין איך דער אָדלער
און אָפּט — אַ פֿליגל קליין.

דער אָדלער ציט צום הימל,
און לעכצט נאָך מאָרד און רויב;
דאָס פֿלאַטערל — צום פֿייער,
און שטאַרבט אין בלינדן שטויב.

איך מיש פֿון בוים די בלעטער
און לייען, וואָס זאָגן זיי:
— ביסט פֿאַראיינס דער גרינער פֿרילינג,
און אויך דער ווייסער שניי . . .

איך פֿרעג די ווייטע שטערן —
גלגלים . . . אין לשער! —
— מזלות! זאָגט ווער בין איך?
— ביסט נביא, קינד און — נאַר.

די זון גייט אויף באַגינען —
אַ גאָלדענער ראלעט . . .
— וואָס טוסטו מיר באַשערן?
— שטעל איין . . . ס׳איז אַ געוועט . . .

אַלצדינג איז סוד און סיבה.
דאָס פלאַטערל, די פליג,
דער אָדלער און דער וואָרעם,
דער בוים, דאָס קינד אין וויג.

און דו און איך — צוויי שאָטנס.
באַשערט געציילטע טעג
אינאײנעם וואָגלען . . . מאָרגן —
צעשיידט זיך אונדזער וועג.

דער אָדלער פליט — פאַרפלויגן!
דער בוים בליט אויף, און שטאַרבט.
וואָס בלייבט דיר? — קאַרבן, קנייטשן
אין פּנים איינגעקאַרבט . . .

און פון די רייד, פון מיינע,
וואָס בלייבט? — אַ זייפנבלאָז!
און וואָס פון דיר וועט ווערן?
גיי פרעג ביים שטילן גראָז . . .

# ממה־נפשך

— ממה־נפשך! האָסטו מיך, גאָט,
באַשאַפן אין דיין פורעם,
פאַרוואָס זשע בין איך נישטיק, קליין —
אַ זעמדל שטויב אין שטורעם?

דו האָסט געזאַלבט מיך, איך זאָל זיין
די קרוין פון דיין יצירה!
ווי קען איך, גאָט! אַז איך אַליין
בין גאָלע סוד און סתירה?

איך זאָל דיין נאָמען מאַכן גרויס,
די מעשים דיינע לויבן!
ווי קען אַ ווערעמל אין שטויב
צו קדש זיך דערהייבן?

האָסט אָנגעצייכנט מיר מיין וועג —
פון אים נישט אָפּצוקערן!
און האָסט מיט שטיינער אים פאַרזייט,
אַז איך זאָל — נכשל ווערן?!

איך זאָל אין חדוה לויבן דיך!
ווי קען איך, שטאַרקער בורא?!
אַז איך אַליין בין דורך און דורך
פאַרוועבט אין מרה־שחורה?

איך זאָל דיר אונטערטעניק זיין,
דיין מינדסט געבאָט דערפילן?!
פאַרוואָס זשע האָסטו איינגעפלאַנצט
אין מיר אַ פרייען ווילן?

גלייכצייטיק זיין אי קנעכט, אי האַר,
אי קרוין פון דיין יצירה?
ווי קאָן איך, אַז איך בין אַליין
מרידה, סוד און סתירה!

# מחשבות וועגן אַ ראָד פון אַ וואָגן

**סאָנעט**

די וועלט האָט מיך אַרומגענומען, ווי אַ רייף אַ ן אייזערנע די ראָד.
עס שלענגלט זיך דער וועג אַריין אין טונקעלן וואַלד — אַ בלינדער סוד.
עס קרעכצט די ראָד אונטער דער שווערער משא נאָכן טראָט פון פערד,
און לאָזט נאָך זיך אַ טיפן סליאַד אין דער פון־נאַכט־צעווייקטער ערד.

עס האָט ביינאַכט גערעגנט. איצט — גייט אויף די זון ביים ראַנד פון וואַלד.
עס שלענגלט זיך דער שליאַך. פאַרנאַכט. דער אָוונט־ווינט וועט באַלד
אַ בעזים טאָן דעם שטויב, און נעלם ווערן וועט דער לעצטער־לעצטער שפור
פון וואַלד און פעלד, פון פערד און ראָד, פון לאַסט, געשפאַן און פור . . .

— וואו הייבט זיך אָן דער אָנהייב פונם ראָד? וואו לאָזט זיך אויס דער סוף?
—וואו איז דער ערשטער גאָלדענער באַגין? וואו וואַרט דער לעצטער שלאָף?
משמעות, אַז דער שמיד האָט ניט געמאַכט קיין קנופּ ביים אָנהייב רייף,
דער שטעלמאַך האָט פאַרפּעלט ביים סוף פון ראָד צו מאַכן דאָרט אַ שלייף . . .

עס דעמערט . . . ערגעץ קריכט די מידקייט מיד אַרויס פון הינטערן ראָד.
אַ, גאָט מיין האַר! דאָס ווייגט אין מיר די מידע וועלט — דער טעמנער סוד.

# בלינדער גורל

וואָס בין איך היינט ביים פרעמדן הויז
דאָ פּלוצלונג שטיין געבליבן?
און גראָד דאָס אומעטיקסטע הויז
פון גאַס זיך אויסגעקליבן?!

איך גיי דאָ יעדן טאָג פאַרביי,
און פינקטלעך ווי אַ זייגער,
און קיינמאָל זיך ניט אָפּגעשטעלט,
איז, וואָס איז היינט אַ שטייגער

געשען? . . . מיט וואָס האָט זיך דאָס הויז
געענדערט, אומגעביטן?
דאָס הויז איז אַלט, דער דאַך צעפּאַלט,
דאָס ווילדגראָז ניט געשניטן . . .

די ווענט פון רעגן געל, צעפּאָקט —
זייט יאָרן ניט געפאָרבן.
איז וואָס איז פאָרט געשען? — אַ מענטש
איז דאָ אין הויז געשטאָרבן.

אָט ברענט ביי אים אין שטוב בייטאָג
אַ ליכט . . . און והא ראיה —
אָט שטייסטו דאָך אַליין ביים שוועל
אין שעה פון זיין לויה!

— מת־מצוה אומגעריכט באַשערט!
פאַראַן אין דעם אַ רמז:
— דיין יעדער טראָט — אַ בלינדער סוד.
בלויז גאָט באַשטימט דעם אמת.

# דער „באַרג פון זיבן וועגן"

אין פענסטער ברענט אַ ליכט.
אין דרויסן גייט אַ רעגן.
מיין הויז שטייט אויפן באַרג —
דער „באַרג פון זיבן וועגן".

פאַרבלאָנדזשעט ווער ביינאַכט,
און קען דעם וועג ניט טרעפן,
באַמערקט ער: ס'ברענט אַ ליכט . . .
ער קומט, קלאַפּט אָן, איך עפן.

מיין הויז איז זייער אַלט,
און איך אַליין — נאָך עלטער.
אַיעדער וואַנדערער —
מיר דאַכט זיך — אַ פאַרשטעלטער! . . .

ווי נאָר ער לייגט אַוועק
די טאָרבע מיטן שטעקן,
וועט תיכף זיך פאַר מיר
אַ הייליקער אַנטפּלעקן:

אַ למד־וואָו'ניק מיט
אַ בלייך, פאַרמוטשעט פּנים —
ניט איינמאָל אים געזען
אין חלום, און כ'דערקאָן אים!

דערפאַר, אַז איך דערהער,
ביינאַכט, בשעת געוויטער,
אַ קלאַפּ ביי מיר אין טיר,
טוט ס'האַרץ אין מיר אַ ציטער . . .

— דער למד־וואָו'ניק קלאַפּט!
זיי שטיל. וואַרט צו . . . ניט עפן!
דיין חלום שטייט אין קאָן!
פאַרשפּילסט — אויב דו זאָלסט טרעפן.

דאָס ציטערניש אין האַרץ —
אַזאַ מין טעמנע אַנען —
אַ פלאַטערל, וואָס שוועבט
צווישן „דאָ" און „ניט פאַראַנען".

* * *

מיין הויז שטייט אויפן באַרג —
דער „באַרג פון זיבן וועגן".
דער למד־וואָו'ניק קלאַפּט.
אין דרויסן גייט אַ רעגן . . .

# מחשבות — זיצנדיק ביים ברעג פון ים

## א

אַ פרילינג־נאַכט, אַן אויסגעשטערנטע, בטבע לאָזט דיר ס׳האַרץ ניט שלאָפן.
דער ים איז אויך אַ האַרץ, אַ האַרץ פון שטערן דורכגעשפיגלט,
און ליגט פאַר דיינע אויגן, ווי אַ ריזיק ספר — אָפן.

עס אָטעמט שטיל דער ברייטער ים און וויגט זיך אין לבנה־ליכט אין העלן.
אַ דורכגעלויכטענער פון עפּעס אַזאַ כישוף, זע איך ווי דער ווינט,
מיט נעפּל־בלויע פינגער, בלעטערט שטיל די לולב־גרינע וועלן.

די ווייסע שטערן אָפּגעשפיגלט אין דעם ים — אין די אַלפי־אַלפים!
אין איין כהרף עין בייטן זיך אויף אותיות, זילבן, ווערטער,
פאַרנעפּלטע רעיונות, סודות, זעאונגען, רמזים, צרופים.

דאָס האַרץ מיינס אָבער גאַרט נאָך ווערטער אויפגעסילעט אויף אַ ניגון,
ווי פּערל אויף אַ פאָדעם זייד; עס לעכצט נאָך פשוט־שטילע לידער,
געזאַנג, וואָס זאָל דעם אומרו מיר אין מיין געמיט פאַרוויגן.

## ב

די וועלט גייט איין פאַר רשעות, איך — פון בענקעניש נאָך רו און שלום.
ווער ס׳זעט דעם וויסטן מבול, איך — דעם שטראַלנדיקן רעגנבויגן,
די נייע וועלט, דעם פרידן אויף דער ערד, דעם רעגנבויגן־חלום.

כ׳האָב קיינמאָל צווישן וואָר און חלום ניט געזען די מינדסטע סתירה:
אין טראָפּן טוי, אין שפּראָץ אויף טאָג, אין רעגנשפּריי, אין ווינט,
אין שמייכל פון אַ קינד, פונסניי רק זע איך גאָטס יצירה . . .

ניט איינמאָל האָב איך, ווי דער ים, פאַרזוכט דעם טעם פון בייזן שטורעם,
דעם איבערשרעק פון וואָלקנבררוך. נאָר איך בין ווידער אויפגעשטאַנען —
אין צער געלייטערט, ניי־באַנייט, אין גאָטס געשטאַלט און פורעם.

אַזוי־נאָך וועלן, אין אַ גאָט־געבענטשטער שעה, פון אויס דעם ים דעם טיפן,
פון די פאַרבאָרגנסטע תהומען אויפשטיין תחית־המתים די גע׳נזוק׳טע,
פאַרלענדטע, אומגעקומענע אין שטורעם — זעגלען, מאַסטן, שיפן.

ג

נישטאָ דער מענטש וואָס זאָל ניט בענקען צו דעם לאַנד פון זיינע אבות;
דאָס האַרץ וואָס וויינט ניט אויף די יוגנט־יאָרן, ווי די פידלען
ביים פרעמדן ברעג פון בבלס טייכן, הענגענדיק אויף די ערבות . . .

נישטאָ דער פויגל וואָס פאַרגעסט זיין נעסט, וואו ער איז אַלט־געוואָרן;
דער זעגל וועלכער זאָל זיין היים־ברעג אין דעם שטורעם ניט דערמאָנען;
דער מאַסט וואָס זאָל, אין נאַכט־טומאַן, זיין אַלטן וואַלד פאַרגעסן.

נאָר, ווי דער ים, פאַרמאָגט דאָס האַרץ אויך אינזלען, שטערן און טומאַנען,
און, ווי דער ים, טוט אויך דאָס האַרץ געדענקען, בענקען, גאַרן,
און דורכגעשפּיגלט פון אלפי־אלפים ליכטנדיקע שטערן, זיך דערמאָנען

אָן זעגל פון דעם ווינט צעפליקט; אָן מאַסט פון בליץ צעשפּליטערט;
אָן אינזלען וואָס דער נעפּל האָט פאַרדעקט, פאַרמעקט, פאַרהוילן . . .
אָן טורעם־לאָמפּ וואָס האָט אין אָסיען־נעכט אין ים אַריינגעציטערט . . .

# דער געבענטשטער

געבענטשט איז ער פון גאָט.
ער חלומט יעדע נאַכט בעת ער שלאָפט.
פאַרטאָג פאַרלאָזט ער זיין געצעלט
און טראָגט אַרויס אין אויג
זיין חלום צו דער וועלט.

וואוהין ער קומט נאָר, אומעטום
פאַרשפּרייט ער אַזאַ דינע פרייד
מיט זיינע שטילע, תמימותדיקע רייד,
אפילו מיט דעם ציטער אויף זיין ברעם.
און וואָס זיין אויג רירט אָן —
אַ בוים, אַ בלום, אַ זאַנג, אַ קווייט,
אַ גרעזעלע אין פעלד —
גייט אויף אַ בענטשונג אַרום דעם.

און ווערט ער ווען פאַרבעטן צו אַ סעודה־טיש,
און איז ער נהנה ביי אַ פרעמדער שוועל, אַמאָל,
בעת אַ הייסן זומער־טאָג, אַ קילן טרונק,
איז לאָזט ער צווישן די צעשאַרטע ברעקלעך אויפן טיש,
צי אויפן דנאָ פון וואַסער־קרוג — אַ חלום־פונק.

און דער, וואָס עסט צומאָרגנס ביי דעם זעלבן טיש,
און טרינקט, ווי ער האָט נעכטן, פון דעם זעלבן קרוג —
איז נהנה פון זיין חלום און ער ווערט,
ווי ער, געבענטשט און קלוג.

פאַרטאָג, ווען ער פאַרלאָזט דעם מכניס אורח׳ס שטוב
און טוט אַ קוש דאָס קליינע מזוזה׳לע,
בלייבט איבער, נאָך זיין ליפּ־באַריר,
אַ שאָטן פון זיין חלום־פולן שלאָף,
שוין הענגען אויפן ביישטידל פון טיר,
אַן אָטעם־ציטערניש פון ניט־דערהערדטע רייד,
אַ חלום־פאָדעם ניט דערשפּונען ביז צום סוף,
אַ סודותדיקע פרייד . . .

# די זון וועט נאָך לאַנג ניט פאַרגיין

צום אַכציקסטן געבוירן־יאָר פון דוד פינסקי

ווער עלטער און עלטער און — ע ל ט ע ר .
נאַר, היט זיך. מייד אויס ווערן אַלט!
אין רייפקייט פון יאָרן אַנטפּלעקט זיך
גאָטס פּנים אין מענטשנס געשטאַלט.

דער שטערן — צעאַקערט אין בייטן.
דער קאָפּ אַן עטרה פון שניי.
די אויגן — פאַרנעפּלט, דאָך שמייכלט
גאָטס קלוגשאַפט, גאָטס אומעט אין זיי.

ניט אייל זיך . . . מייד אויס פון צו נעמען
דעם קרומלעכן שטעקן אין האַנט.
דער שטעקן פאַרמאָגט אין זיך עפּעס —
אַ רמז . . . אַזוינס, וואָס דערמאַנט —

דען ער האָט דורך טויזנטער יאָרן
דורכגעוואַנדערט דעם גאַנצן תנ״ך,
און טראָגט אין זיין שטומקייט פאַרהוילן
סימבאָלן, רמזים אַ סך . . .

דערמאָנט דיך אָן בוים פון גן־עדן;
אָן עפּל, אין זון־ליכט געגילט;
אָן שלאַנג, צוליב וועמען ס׳האָט אדם
דאָס אייביקע לעבן פאַרשפּילט . . .

אָן קין, דעם גזלן, וואָס וואָגלט;
אָן הבל׳ען, דעם פּחדן, וואָס רוט
אין ליים־גרוב און לאָזט פאַר זיך שרייען
פון דר׳ערד דאָס פאַרגאָסענע בלוט.

דערמאָנט דיך אָן שטעקן, וואָס משה
געשפּאָלטן מיט אים האָט דעם ים,
און האָט פון זיין קנעכטשאַפט דערהויבן
זיין פאָלק צו אַ מעכטיקן שטאָם,

פאַר וועלכן עס האָט אים דאָס פאָלק זיינס,
דאָס קנעכטישע, שפּעטער באַלוינט
מיט לעסטערונג, צער און צאָרן,
אין מדבר אים שיער ניט פאַרשטיינט;

ווי ס׳האָט זיך זיין שטעקן פאַרזינדיקט
פאַר גאָט, און געשלאָגן דעם שטיין,
און גאָט האָט דערפאַר אים פאַרבאָטן
דעם ירדן אַריבערצוגיין . . .

אָן אהרנ׳ס פאַרטרוקנטן שטעקן,
וואָס האָט זיך מיט מאַנדלען צעבליט — — —
דער עיקר, דערמאָנט דיך דער שטעקן
אָן דריבנע, ניט־זיכערע טריט . . .

פאַרגעס אָן די נסים, די אַלטע!
געשען שוין, געווען שוין — ג ע ז ע ן !
דו וואַרטסט היינט אויף נסים, אויף נייע,
וואָס ז י י ב ע ן און — דאַרפן געשען!

דער טראָט דיינער — זיכער! דאָס אויג דיינס —
איז לויטער אַזוי ווי בורשטין.
דאָס וואָרט דיינס — קרישטאָל, און דאָס האַרץ דיינס —
אַזוי ווי די פרילינג־נאַכט גרין . . .

דיין צער, דיין פרייד און דיין טרויער —
פאַרוואַנדלט אין צייטיקע פרוכט.
אַז וואויל איז דעם נאַקעטן אָדם,
וואָס האָט פון דיין פרוכטבוים פאַרזוכט . . .

דאָ האָסטו מיין האַנט און מיין ברכה —
ס׳איז גרינגער צו שפּאַנען אין צוויי׳ן.
דער וועג איז נאָך ווייט . . . און אין גבעון
וועט לאַנג נאָך די זון ניט פאַרגיין . . .

# אַ געבענטשטער זיווג

אוי ווײ! וואָס טו איך מיט דער וועלט?!
איך האָב פון איר קיין נחת!
איך טענה, שטראָף און בייזער זיך,
און זי, רק טוט להכעיס!

מיר האָבן דווקא זיך ניט פײנט,
נאָר . . . לעבן נישט בשלום.
זי טענהט: — וואָס דיין האַרץ, און אויג
רירט אָן, ווערט ליד, און — חלום!

איך הער, און קלער . . . וויש אויס אַ טרער
פון אויג, און טענה ווידער:
— אַז גאָט האָט אויסגעחלומט ד י ך ?! — — — —
חלומות זיינען — לידער!

די שכנים מײנע חוזקן,
באַרעדן מיך און לאַכן:
— מיט חלום־לידער וויל דער נאַר
די וועלט אונדז איבערמאַכן!

איך ווער פון זייער חוזק ניט
נתפעל, חס ושלום.
אויב ס׳קען פון חלום ווערן — וועלט,
קען וועלט דאָך ווערן חלום?!

די וועלט, זי הערט . . . איר פּנים ווערט
פאַרוואָלקנט, גרוי און גרויער.
איך נעם זי שטאַרק אַרום, און ס׳ווערט
מיר ליב, און ל י ד איר טרויער . . .

# נאָקטורנע

איך האָב אַרויפגעקלעטערט
צום באַרג, נאָך האַלבער נאַכט,
און מיט פאַרגאַפטע אויגן
די שטאָט, אין טאָל, באַטראַכט.

מיליאָנען שויבן גליִען
אין טאָל. מיר דאַכט זיך אויס —
אַ בינשטאָק פול מיט בינען
פון נעפּל גליט אַרויס.

— איז דאָס די שטאָט פון אומרו?
די שטאָט פון שטיין און שטאָל?
און ס׳ענטפערט מיר דער נאַכט־ווינט:
— געווען . . . ווי סדום . . . אַמאָל!

ביסט אַלט ווי מתושלח.
וואָס איז געווען — פאַרגעס!
דען דאָס, וואָס דו זעסט איצטערט,
איז — רמז, חלום, נס!

דאָס העסלעכסטע אפילו,
קאָן פלוצלונג, אומגעריכט
אַ בלענד טאָן, ווי אַן אוצר —
אַ סוד־פאַרהוילן ליכט . . .

די רויז וואַקסט צווישן דערנער,
די בין איז גאָלד און — גיפט.
דאָס וואַקס, וואָס בלייבט פון האָניק —
אַ יאָרצייט־ליכט, וואָס טריפט . . .

און דו אַליין, רק בייטסט זיך
נאָך יעדן מינדסטן טראָט — — —
אין מזרח נעמט שאַריען.
עס לעשט זיך אויס די שטאָט.

## דער לעצטער עפּל

— ווי אַ מאַסט־לאָמפּ דורכן נעפּל
— מען זעט אים פלעמלען קוים
— זיך וויגט דער רויטער עפּל
דער לעצטער אויפן בוים.

דער גערטנער קלייבט אַ טריבער
צונויף זיין שטום געצייג:
— ניט לאָז אַליין מיך איבער
דאָ הענגען אויפן צווייג!

אין ברוינעם האַרבסט, אין קאַלטן,
באַוועגט דער צווייג זיך קוים:
— ווי לאַנג קאָן איך דערהאַלטן
דעם עפּל אויפן בוים?!

* * *

איך וואַרט . . . איך וואָלט שוין גערן
די זון זאָל אונטערגיין,
און זאָל די נאַכט מיט שטערן
דעם עפּלבוים פאַרשניין.

האַלב־נאַכט. עס גרויט דער נעפּל.
איך ליג האַלב וואַך און שווייג.
מיר דאַכט עס וויינט דער עפּל
אין שאָטן פון דעם צווייג.

— כ'האָב ליב דעם סוף פון זומער,
די לעצטע טעג פון האַרבסט — — —
אָ, טריבע וועלט אַרום מיר,
ווי וואונדערלעך דו שטאַרבסט!

# האַרבסט פון לעצטן ליד

ער האָט דאָס ליד פאַרענדיקט,
און אָפּגעזיפצט זיך שווער,
צום סוף פון לעצטער שורה
אַוועקגעשטעלט אַ — טרער.

דאָס סומנע לעמפל פירכעט,
פאַרהוסט זיך, זשיפּעט קוים.
אינאיינעם מיטן שאָטן
פאַרלאָזט ער שטיל זיין היים.

איז קיינעם קיין בעל־חוב ניט.
מיט גאָט — פון לאַנג שוין קוויט.
און מיט דער וועלט דעם חשבון —
פאַרמעקט . . . ער מאָנט שוין ניט . . .

צומאָרגנס וועט אַ שכן
געפינען אויפן טיש
זיין ליד, דאָס איבערלייענען,
און טאָן דאָס אויג אַ וויש:

— וואו איז ער מיט זיין שאָטן
פאַרשוואונדן? און פאַרוואָס?!
דער סוד, ער ליגט פאַרהוילן
אין טרער פון לעצטן אות.

# מ ע ר ס י

ש. מיללערן

מיט גרינע רעגן־פינגער
קלאַפּט אָן דער געלער האַרבסט
ביי אים אין גרויען פענסטער:
— דו שטאַרבסט, דו שטאַרבסט, דו שטאַרבסט!

נאָר ער, ווי ניט אים מיינט מען,
זיך נאָגט זיין פּאַפּיראָס:
— געהערט, געהערט די בשורה.
אַ דאַנק! — „נישטאָ פאַרוואָס!״

שוין יאָרן אַז דער זייגער
רק דלובעט אים אין מח:
— דיין פּאַפּיראָסל טשאַדעט,
און ביטער איז דער רויך.

— געהערט. אַן אַלטע מעשה!
אודאי . . . יאָ . . . געוויס!
דער רויך איז ביטער, ביטער!
נאָר, ס׳ביטערניש איז זיס!

כל זמן דאָס פּאַפּיראָסל
נאָך טליעט — נאָג און צי . . .
דו קאָנסט מיר אפשר שענקען
אַ קאָפּ טוטין? — מ ע ר ס י !

# פ אַ ר ז אַ מ ט

ער האָט אַן איבעריקן טאָג
אין וועג זיך וואו פאַרזאַמט.
ער קומט צום וואַלד און טרעפט דעם וועג
מיט שטעך־דראָט אָפּגעצאַמט.

ער פּאָרט אַזוי שוין יאָרן לאַנג
פאַרביי דאָ דורכן וואַלד.
ער קען דעם וועג פון קינדווייז אָן
אַ האַלב יאָרהונדערט באַלד.

און ערשט, גיי טאָפּטשע אויס ביים זייט
פון וואַלד אַ נייעם וועג,
אַז די יאָרן לויפן . . . שרומפּן איין
ווי ווינטערדיקע טעג . . .

ער שטייט באַטריבט און זעט: דער וואַלד
איז אומעטיק, פאַרטראַכט.
ער ווייסט אַפּנים שוין פאַרוואָס
מען האָט דעם וועג פאַרמאַכט . . .

*   *   *

דער וואַלד איז אַלט און בראָנזיק־ברוין.
שמעקט סיפּקע, קיל . . . געשמאַק . . .
די זון לאָזט האַרבסטיק זיך אַראָפּ —
אַ בליאַסקענדיקע האַק . . .

# אַ הויפּן זריעה

געאַקערט און פֿאַרזייט
מיין מאָגער פעלד. סוף זומער.
די ערד ליגט נאַקעט, הויל
און האַרבסטיק איז אַרום מיר.

פון שניט — געבליבן מיר
איז קוים אַ הויפן זריעה.
איך וואַרף אים פאַר דעם ווינט —
אין גאָט איז די מניעה!

זאָל ער, דער ווינט, זיין קנעכט,
פאַרשפּרייטן מיינע קערנער
אויף פעלד, אויף באַרג און טאָל,
אין מדבר צווישן דערנער.

איך האָב קיין תביעות ניט,
און שטעל ניט איין זיך פרעגן.
צו גאָט געהערט דער ווינט,
די זון, דער טוי, דער רעגן.

און וואו נאָר ס׳וועט זיך מיינס
אַ קערנדל צעגרינען,
וועל איך זיין פּנים זען,
און ער — מיין שפור געפינען.

# וואָרט

איך האָב אַליין זיך אין אַ וואָרט
פאַרשלאָסן און פאַרריגלט,
און וועל לדורות בלייבן דאָרט,
אַ שטומער סוד, פאַרזיגלט.

אַליין וועל איך פאַרוואַרפן זיך,
פאַראיינזאַמט נעלם ווערן,
זיך שלייפן און פאַרשאַרפן זיך
צום דינסטן שיין פון שטערן.

וועל הערן ווי אין יעדן אות
די קערנער ליכט זיך זאַמלען,
ווען ס׳הענגט אויף וועלט און מענטש אַ שלאָס,
און קינד און זקן שטאַמלען . . .

דען, יעדן איינעם פעלט ד אָ ס וואָרט,
דאָס ליכט, דער אור־הגנוז,
וואָס איך האָב צימצומדיק געשפּאָרט
ביז פיינלעכער קמצנות.

דאָך, קומען וועט אַ טאָג, אַ שעה,
און כ׳וועל דאָס וואָרט צעפּראַלן,
קאָמעטיש טאָן אַ בליץ — „כ׳בין דאָ!״
און דאַן — פאַנאַנדערפאַלן.

דאָס ליכט, וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט,
וועט זיך פאַנאַנדערשטראָמען,
און טרינקען וועט די ערד מיין וואָרט,
און אויפגיין וועט מיין נאָמען . . .

# אַ געשיכטע פון אַ הויז

דער ערשטער זעגט ברעטער, דער צווייטער קנעט ליים,
דער דריטער טראָגט ציגל, דער פערטער — צעמענט,
דער פינפטער מישט וואַפּנע און קאַלך פאַר די ווענט,
און איינער, דער זעקסטער — פאַרפלאַנצט שוין אַ בוים.

עס שפּאַרן די ווענט פון דער ערד זיך אַרויס.
אַ טאָג נאָך אַ טאָג, און מעת־לעת נאָך מעת־לעת.
עס שטייט שוין דער בנין . . . אָט, ממש אַ נס!
די גאַס קוקט מיט גלייכגילט — אַ שכן . . . אַ הויז . . .

די ווענט זיינען פייכט נאָך, דער קאַלך איז נאָך פריש.
דער דאַך שמעקט מיט סמאָלע, דאָס פאַרבעכץ נאָך נאַס.
דאָך קוקן שוין פענסטער אַרויס צו דער גאַס.
וואָס פעלט נאָך אין שטיבל? — אַ בעט און אַ טיש.

דער רויך ציט פון קוימען — אַ בלוי־גרויער פּאַס.
עס שמייכלען די שויבן ווי עפּעס פאַרשעמט:
זיי פילן זיך פריקרע . . . ניט היימיש דאָ, פרעמד:
ווער זיינען די שכנים, וואָס וואוינען אין גאַס?

עס גיין שטיל די שכנים דאָס שטיבל פאַרביי,
און וואַרפן אויס נייגער אין פענסטער אַ בליק,
בגנבה, און כאַפּן זיך פריקרע צוריק . . .
— נישטאָ קיין חידושים און — גאָרנישט ניט ניי!

ס'איז האַרבסט און עס רעגנט. אינדרויסן איז קאַלט.
— ווער וויינט עס דערנעבן, אויף יענער זייט וואַנט?
— אַ שכן געשטאָרבן . . . צומאָל ניט געקאַנט . . .
עס ווייסט ניט זיין נאָמען . . צי יונג אָדער אַלט? . . .

עס האָט זיך דאָס שטיבל בלויז איין זאַך דערוואוסט:
דער מת איז איר נאָענטסטער שכן געווען.
און כאָטש ס'האָט דעם שכן נאָך קיינמאָל געזען,
דאָך ווייסט עס: ס'איז דער וואָס האָט שטענדיק געהוסט.

מת־מצוה, דאָס איז דאָך אַ הייליק געבאָט.
אַ ליכטל צוקאָפּנס. דריי קורצע מעת־לעת.
די גאַס און דאָס שטיבל באַגלייטן דעם מת
צום אַלטן בית־חיים, וואָס הינטערן שטאָט.

* * *

דאָס בוימל שטייט הויך שוין אַריבער דעם פּלויט.
הער דאַך הענגט צעשויבערט אַריבער די ווענט.
ס'איז האַרבסט און עס רעגנט . . . אַ יאָרצייט־ליכט ברענט . . .
דער שכן פון נאָענטסטן שכן איז טויט.

אַ פּלעקל אַריין און אַ פּלעקל אַרויס . . .
אָט דאָס איז די מעשה . . . די מעשה איז אויס . . .

# א י ל ו ז י ע

עס דעמערט. איך שטיי פֿאַר דער שוועל פֿון דער נאַכט,
דעם קאָפּ אין הכנעה געבויגן.
דו וואַרפֿסט מיר אַ שטערן — אַ רענדל — אַראָפּ.
אַ בליאַסק און — פֿאַרבלענדסט מיר די אויגן.

— רבונו של עולם! כ׳בין נישטיק און קליין.
און וואָס זיינען מיינע זכות אָבות?
אַ וואָגלער אַ מידער בין איך אויף דער ערד,
אַ בעטלער, וואָס בעטלט נדבות.

איך ווייס ניט, איך האָב קיין השגה צומאָל:
וויפֿיל איז אַ רענדל? — אַן ערך?
איך קלייב און איך צייל זיי . . . און וואָס מער איך צייל,
אַלץ אָרימער, אָרימער ווער איך.

אַ רענדל, אַ פּרוטה — אַלץ איינס מיר, אַלץ איינס!
אַ שאָד גאָר וואָס כ׳האָב זיי געקליבן.
וואָס מער כ׳האָב גע׳חשבונט, געקאַרגט און געשפּאָרט,
אַלץ ווינציקער איז מיר געבליבן . . .

עס גייט אויף די זון און פֿאַרגייט מיט דעם טאָג.
אין מערב נעמט טונקעלער ווערן.
איז, וואָס לאָז איך איבער? — אַ זון וואָס פֿאַרגייט,
אַ ווייט־ווייטן הימל מיט שטערן.

איז, וואָס וועט מיין יורש, מיין נאָענטסטער, טאָן
מיט אָט א־דעם אוצר דעם רייכן?
— וועט שטרעקן די הענט צו די שטערן, ווי איך,
און קיינמאָל, זיי קיינמאָל דערגרייכן . . .

# מיין לעצטע ים־נסיעה

דאָס איז מיין לעצטע ים־נסיעה.
איך לאָז מיין אַנקער דאָ אַראָפּ.
אָ, גאָט! אין דיר איז די מניעה.
איך בויג פאַר דיר מיין מידן קאָפּ.

איך וועל דאָ מיין געצעלט פאַרציען,
אין שאָטן פון דעם פעלז, ביים ברעג,
און קוקן ווי די מעוועס פליען,
און ציילן מיינע לעצטע טעג.

עס פלאַטערט אין דעם ווינט אַ זעגל,
און אַקערט אויף פאַר זיך אַ וועג . . .
מיין הארץ מיט אים איז עולה רגל,
כאָטש איך, פאַראַנקערט בלייב ביים ברעג.

פאַראַנען לענדער, אינזלען, ברעגן,
און שטעט וואָס שמ׳ען אויף דער וועלט.
איך קאָן דעם ים מיט אַלע וועגן,
איין לאַנד נאָר האָב איך אויסגעפעלט . . .

איך האָב באַשוואוירן ווינט און שטערן:
ניט פירט מיין זעגל אויף דעם וועג
צום לאַנד, וואָס ז אָ ל מיין חלום ווערן
פאַר אַלע מיינע לעצטע טעג.

דאָס לאַנד איז וואונדער, נס און חלום,
און ווי אַלע דריי צוזאַמען — שיין!
נאָר דאָס באַטרעטן? — חס ושלום!
אין ים שוין ליבערשט אונטערגיין.

אַ מעווע הייבט זיך אויף און פלאַטערט.
זי מאַכט אַרום מיין פעלז אַ קרייז:
— האָסט זיבן ימים שוין גע׳פּטרט,
און נאַרסט זיך אַלץ נאָך, אַלטער גרייז?

אַ לאַנד אַזאַ איז נישט פֿאַראַנען.
דו האָסט דאָס אויסגעטראַכט זיך — סתם!
כדי דו זאָלסט זיך אָפּט דערמאַנען,
און בענקען זאָל דיין האַרץ צום ים . . .

# יצחק לייבוש פרץ

צו זיין הונדערט־יאָריקן געבוירן־טאָג

און גאָט האָט אויף די ליפּן פון דעם קינד אַרויפגעלייגט
זיין ווייסן פינגער פאַר אַ צייכן:
— געבוג געווייבט! דו וועסט די שטערן, וואָס דו זעסט
אין הימל, קיינמאָל ניט דערגרייכן.

דאָס קינד, אין וויגל, וויינט. און גאָט דער האַר געבענט
צום קינד זיין פאָטערלעכן פּנים:
— איך האָב בכיוון אויסגעשפּרייט די שטערן אין אין־סוף —
רמזים, צייכנס און סמנים,

פאַר די פאַרכישופטע פון דער רחבות אויפן ים;
פאַר די מיט אָדלער־דרייסטע ראיות —
דען לויט די ווייטע שטערן שטעלן זיי די זעגלען אָן
אויף זייערע באַשטימטע ים־נסיעות . . .

אַ־יעדער שטערן, וואָס דו זעסט, אין רוים, ביינאַכט —
אַ צייכן איז, אַ סודותדיקער רמז.
דען דאָס וואָס דו דערגרייכסט — איז טרויער און פאַרגייט . . .
דאָס אַנען, און דער חלום בלויז איז אמת.

דאָס קינד פאַרשליסט די אייגעלעך און דרעמלט איין,
און גאָט פאַרצייכנט אין זיין רייסטער:
דער נאָמען דיינער זיין זאָל — י צ ח ק ל י י ב ו ש פ ר ץ:
אַ נביא, אַ מקונן און אַ טרייסטער.

# דאָס ליד פון ליידיקן עמער

דער ווינט, ווי אַ הירט, זאַמלט אויף אין די בערג
די וואָלקנס — זיין טשערעדע לעמער.
— מיין ווייב, עס וועט רעגענען . . . שטעל פאַר דער שוועל
אַרויס אונדזער ליידיקן עמער.

— דער ווינט און די זון האָבן די קלעפּקעס צעלעכצט,
באַלד פאַלן אַרונטער די רייפן.
— עס וועט זיי דער רעגן פאַרווייקן צוריק,
די רייפן נאָך ענגער פאַרשלייפן . . .

עס דרעמלט דער אייביקער שניי אויף די בערג,
און איבער די וואָלקנס — די שטערן.
אין רעגן וועסטו, ביידערנאַכט, דורכן שלאָף,
די בענקשאַפטן דיינע דערהערן . . .

אין בלויען געזאַנג פונם רעגן — גאָטס קול;
אין בליץ, וואָס אין שטורעם, גאָטס צייכן,
אַז דו האָסט געבענקט צו דער שלמות פון רו,
און האָסט ניט געקענט זי דערגרייכן . . .

וואָס קאָן נאָך זיין ליכטיקער איידער דער שניי?
און וואָס קען פון רעגן זיין בלויער?
צווישן הימל און באַרג איז קיין לייטער נישטאָ,
און דער וועג אַף צוריק איז שוין — טרויער.

דער ברונעם איז פול, און דער פאַסטוך איז בלינד,
און דורשטיקע וואַרטן די לעמער.
באַנוגן זיך, האַרץ, מיט דעם ביסעלע בלוי,
וואָס רעגנט אַריין אונדז אין עמער . . .

# איך בין אין וואַלד געראָטן

כ׳בין אומעטיק און אַלט — אין אַלטן וואַלד געראָטן.
די זון איז מיט דעם טאָג, און איך בין גאָלע שאָטן . . .
נאָר ווען די זון פאַרגייט, די דעמערונג נעמט פאַלן,
טוט גאָט מיר אָן אַ קרוין פון רעגנבויגן־שטראַלן.

אַ קורצע רגע, און — ד י קרוין אַרום מיין שטערן
וועט נעמען לעשן זיך, און וועט פאַרלאָשן ווערן.
אין זיבן שלייערן הילט איין די נאַכט מיין פנים,
איך ווער דער אַנגסט, די שרעק פאַר וואָגלער און פחדנים;
לעגענדע־מעשהלעך פאַר קינדער און נאַראָנים;
אַ חלום וועגן וועלף, מכשפים און גזלנים . . .

אין שטילע זומער־נעכט, בעת די שטערן וויגן
די זאַנגען אויפן פעלד, בין איך דער ציטער־ניגון,
וואָס וועקט די בענקעניש אין מידן מענטשן־חומר,
די וואָרצלען אין דער ערד, די פויגל אין די בוימער.

אין חשונ׳דיקע נעכט — בין איך די מרה־שחורה;
די טיפע פינסטערניש; די סודותדיקע מורא;
די וויסטע איינזאַמקייט, דאָס אומעטיקע שווייגן;
דער בלינדער נאַכט־טומאַן, וואָס קלעטערט אויף די צווייגן;
די וויינענדיקע פליט, אין טריבן רעגן־וועטער;
דאָס מידע האַרבסט־געזאַנג פון פאַלנדיקע בלעטער . . .

אין ווינטערדיקע נעכט — בין איך דער מידער זקן;
דער קלוגער פאַטריאַרך מיט וויס־פאַרשנייטע לאָקן;
דער מלך־גרייז, וואָס זינגט די אומעטיקסטע פסאַלמען;
די ווייסע ליכטיקייט, די שטילקייט פון בית עלמין.

אין פרילינג־נעכט — בין איך די פלעדערמויז, די גרויע;
דער ווייסער קאַרשנבוים; דאָס שוועלבעלע, דאָס בלויע;
דאָס קלאָר־ווייס ציגעלע, מיט תמימות׳דיקע אויגן;
דאָס זילבער־וואָלקנדל, דער בליץ, דער רעגנבויגן;
דער שטילער וואַסער־קוואַל; די סטאַדע שאָף און רינדער;
דער קילער רעגן־שפריי; די פרייד פון קליינע קינדער . . .

# די זון וועט קיינמאָל ניט פאַרגיין

דער זקן דרעמלט פאַר מיין שוועל.
זיין קאָפּ איז ווייס, זיין פּנים — געל,
זיין באָרד איז שניי, זיין ברעם איז פלאַקס,
זיין ליפּ איז קאַלך, זיין האַנט איז וואַקס.

זיין קלייד איז גרוי, זיין טאָרבע — שוואַרץ,
זיין שטעקן — טרוקן, ווי זיין האַרץ —
אַ ווילד און אויסטערליש געשטאַלט! —
אוודאי מתושלח־אַלט.

ווער איז ער, ווער? אַ בעטלער סתם?
אַ נביא פון אַ דזשאָנגל־שטאַם?
אַ וואַסער־גאָט, וואָס האָט פון ים,
ביינאַכט, פאַרבלאָנדזשעט אין טומאַן?

אַ הייליקער? אַ פּאַטריאַרך?
אַ למד־וואָו׳ניק, אַ מאָנאַרך,
וואָס ריכט אָפּ גלות אויף דער וועלט,
אַלס בעטלער־וואַגאַבונד פאַרשטעלט?

אַ חלום־בילד, וואָס כ׳האָב אין שלאָף
ניט אויסגעט׳חלומט ביז צום סוף? . . .
איך ריר זיין אַקסל אָן . . . איך נעם
זיין האַנט . . . ער טוט אַ הייב אַ ברעם,

פון ווינקל־אויג — אַ גערשט די גרויס —
דאָס ווייסל טוט אַ בליאַסק אַרויס,
הערביי נעמט ווייען פון זיין באָרד
אַ פּחד — נאַקעט, קאַלט ווי מאָרד!

אַ ליפּ צעציטערט זיך ביים גרייז,
זיין צונג איז בליי, זיין אָטעם — אייז!
ער ווערגט זיך, שטאַמלט, ברילט און מאַכט:
— איך בין דער היטער פון דער נאַכט!

— איז, וואָס און וועמען היטסטו דאָ?
— איך היט דעם ווינט, דעם רויך, די שעה . . .
די זון, וואָס גלימערט הינטערן וואַלד,
דעם טאָג, וואָס וועט פאַרשווינדן באַלד . . .

אוןביידע — דו און איך —ביינאַנד —
צוויי וואַנדערער אין חלום־לאַנד — — —
די זון גייט אויף, די זון בלייבט שטיין,
ד י זון וועט ק י י נ מ אָ ל ניט פאַרגיין!

# דער טויבער זייגער

האַלב־נאַכט. עס ברענט דאָס קאַניצל,
און רעדט מיט מרה־שחורה
צום אַלטן זייגער אויף דער וואַנט:
— איך שרעק זיך . . . איך האָב מורא!

די ווינטער נאַכט איז לאַנג, דער נאַפט —
ביז טאָג וועט ניט געווערן.
דאָס פּלעמל רויכערט, און דער קנויט —
איז ניט דער מאָרגנשטערן . . .

דער זייגער אָבער הערט אים ניט,
איז אַלט און זאַט מיט יאָרן,
איז מחמת אַלטקייט, לאַנג צוריק,
משמעות טויב געוואָרן.

ער שטויסט זיך אָבער אָן . . . באַנעמט . . .
פאַרשפּאָרט אים איבערפרעגן.
אַז ער אַליין, ער זשיפּעט קוים,
קען דעם אומרו קוים באַוועגן.

דאָך ציילט ער פּאָרט די רגעס, שטופּט
די ווייזערס צוויי, און הערט ניט,
ווי יעדער שעה און רגע וויינט,
גייט איין, גייט אויס און ווערט ניט . . .

און איך, וואָס שלאָף ניט דורך די נעכט,
מיט נאַכט ביין זיך מתיחד:
איך ווער אַליין דאָס קאַניצל,
דער זייגער און דער פּחד.

# עלעגיע אויף צוויי געליימטע הענט

אין מערב זינקט די זון —
אַ פלאַקערדיקער זעגל.
צוויי גרויע הענט ווי פלאַקס,
צען פינגער געל ווי וואַקס,
צען אויסגעברענטע נעגל . . .

די שויבן מינען זיך
אין אָוונט־ליכט געפאָרבן.
ער קוקט אויף זיינע הענט:
— פאַרלאָשן, אויסגעברענט
נאָך איידער כ׳בין געשטאָרבן ?!

אַ לייכטער און אַ ליכט,
אַ שוועבעלע דערנעבן.
ער וויינט אויף זיינע הענט:
— צינדט אָן! איר קענט, איר קענט!
— מיר קענען, נאָר . . . ניט לעבן!

זיין ברעם קוים ציטערט אויף —
צוויי האָבער־לאַנגע טרערן . . .
אַרום אַ קרומער אַקס —
אַ קרומער קאָפּ פון וואַקס.
צוקאָפּנס צאַנקט אַ שטערן . . .

# איך ווער נאָך אַלץ נתפּעל

איך ווער נאָך אַלץ נתפּעל
פון יעדער מינדסטער זאַך:
פון שמעטערלינג אין גאָרטן,
פון בושעל אויפן דאַך;

פון ברוינעם וואַלד, אין אָסיען;
פון קאַרשנבוים, וואָס בליט;
פון שכנס קינד, וואָס לערנט
זיך טאָן די ערשטע טריט.

איך בענק נאָך — היינט, ווי נעכטן —
בשעת די זון פאַרגייט;
אין פרילינג, ווען עס רעגנט;
און ווינטער, ווען עס שנייט.

איך בין נאָך אַלץ דאָס יינגל,
דער נאַר, וואָס חלומט סתם
בשעת ער זעט די שטערן
זיך הוידען אויפן ים;

בשעת ער זעט אַ זעגל
פאַראַנקערט לעבן ברעג;
אַ פרעמדן, מידן רייטער,
וואָס קומט פון וויטן וועג.

איך הער נאָך אַלץ מיט ציטער
די נייס: „ניט דאָ געדאַכט!
דיין שכן איז געשטאָרבן
אַזייגער צוועלף ביינאַכט".

ערשט נעכטן פרי, באַגינען
האָט ער פאַררינכט זיין פלויט,
און מיך באַגריסט: „גוט מאָרגן!"
און היינט — ניטאָ שוין . . . טויט!

ס׳וועט זיין נאָך שיין, אַז מאָרגן
וועט עמעץ טאָן אַ זאָג:
— דעם טויטן שכנס שכן
איז געשטאָרבן היינט פֿאַרטאָג!

— אַן אויסגעטראַכטע מעשה
פֿון אַלף ביזקל תּו!
אָט ליג איך דאָך בפּירוש
ביי זיך אין בעט, און — שלאָף!

איך ליג, און ווער נתפּעל
פֿון יעדער מינדסטער זאַך:
פֿון ליכט ביי מיר צוקאָפּנס;
פֿון ווינט, וואָס רייסט מיין דאַך,

און פֿון דער זון אין פֿענסטער,
פֿאַרנעפּלט, קירבעס־געל,
און פֿון דעם פֿערד־און־וואָגן,
איינדרויסן פֿאַר מיין שוועל . . .

# אַהין! אַהין!

פֿאַרטאָג. ער כאַפּט זיך אויף פֿון שלאָף:
דאַרף פֿערד און וואָגן שפּאַנען!
ער דאַרף וואו פֿאָרן . . . נאָר וואוהין?
ער קען זיך ניט דערמאַנען!

דער מזרח ברענט. עס רויטלען זיך
פֿאַסאַדן, פֿענסטער, דעכער.
אַ רגע און די זון גייט אויף,
שטייגט העכער, העכער, העכער.

אָט איז זי שוין ביים שפּיץ פֿון באַרג,
און באַלד אין מיטן הימל . . .
דאָס פֿערדל לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ:
ס׳איז מיד . . . עס כאַפּט אַ דרימל.

די זון, זי ציט צום מערב־ראַנד,
די וואָלקנס ברענען צונטער.
עס פֿלאַמען דעכער, פֿענסטער, ווענט,
דער טאָג פֿאַרגייט, גייט אונטער.

און ער, ער שטייט נאָך אויפֿן שוועל
און האַלט אין האַנט זיין פּעקל . . .
דאָס ווינטל קעמט די גריווע פֿון
דעם פֿערד און וויגט דאָס גלעקל:

— גלין־גלין . . . דערמאָן זיך, טו אַ קלער! —
עס דינט ניט דער זכרון.
זיך אויסגעריכט אין וועג אַריין . . .
און ווייס ניט וו׳הין צו פֿאָרן.

— גלין־גלין! . . . וואָס איז דער תכלית פֿאָרט!?
וואָס וועט פֿון וואַרטן ווערן? — — —
ער זעצט זיך אויף, פֿאַררייסט דעם קאָפּ,
קלייבט אויס אַ וויטן שטערן:

— אַהין, אַהין . . . און הינטער אים
ווערט נעלם שטאָט און טויער — — —
אַזאַ מין שטילע שטילעניש . . .
אַ דינער, דינער טרויער!

# פון סאַמע ערשטער שעה — —

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג,
און האָט זיין הויז זיין אייגנס ניט דערקענט.
אַ פריקרע פרעמדקייט עפּעס ווייעט קאַלט
פון זיינע אייגענע פיר ווענט.

דער קליינער נאַכט־לאָמפּ אויפן פענסטער־גזימס
אַ ברוגז־מרה־שחורהדיקער ברענט.
ער כאַפּט אַ קוק אין שפּיגל אויף דער וואַנט —
זיין אייגן פּרצוף נישט דערקענט!

ער כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ — אַ שאַרבן אונטער שניי!
צוויי געלע, ביינערדיקע הענט!
ער רופט זיין נאָמען אָן ביים נאָמען, ערשט —
זיין קול, זיין אייגנס, ניט דערקענט!

און זי, זי דרעמלט ביי זיין זייט, און ס׳שמעקט
דאָס לייב אירס וואַרעם דורך איר העמד . . .
ער וועקט זי אויף. זי קוקט אים אָן מיט שרעק:
ער איז איר נאָנט, דאָך — מאָדנע פרעמד!

אינדרויסן, פאַרן פענסטער פלאַטערט מיד
אַ בלינדע אינגבער־געלע פלעדערמויז:
— דו ביסט פון סאַמע ערשטער שעה אַן אורח דאָ,
אַ פרעמדער אין דיין אייגן הויז . . .

# די שוועל

דער שפּיגל אויסגעדרייט צום וואַנט.
דאָס יאָרצייט־לעמפּל כמורנע ברענט.
אַ הויקערדיקער שאָטן שפּאַנט
מיט בלייכע, ווינענדיקע הענט . . .

נאָר ע ר , ער זיצט זיך אויף זיין אָרט
און חידושט זיך: וואָס איז געשען?!
וויל פרעגן — נאָר אים פעלט דאָס וואָרט:
— וואָס איז דער טייטש . . . וואָס מיינט „געווען”?

עס ליגט אים אויפן שפּיץ פון צונג:
דער היפּוך, דאַכט זיך אים, פון — „דאָ”.
דער זייגער טוט אַ כמורנע קלונג:
— פאַרגעסן?! . . . ערשט . . . נישטאָ קיין שעה!

— אַ „שעה”? . . . אויך דאָס האָט ער געהערט.
נאָר וואָס דאָס וואָרט — אַ שעה — באַטייט
געדענקט ער ניט . . . אַ שעה געווערט? — — —
אַן אויגנבליק . . . אַן אייביקייט ? . . .

ער קוקט צום זייגער אויף דער וואַנט,
צום ווייזער אויפן ציפערבלאַט,
די ווייזערס טיקען נאָכאַנאַנד:
— ס'איז דאָס וואָס המשך איז — כמעט . . .

איז, וואָס האָט פאַר אַ שייכות פאָרט
דער המשך דאָ מיט אים און וועלט?!
אַז ער באַנעמט שוין ניט דאָס וואָרט!
דער זין . . . דער סאַמע תמצית פעלט!

ער דרייט דעם שפּיגל אויס צוריק.
ער דרייט אַרויס פון לאָמפּ דעם קנויט.
דער שפּיגל וואַרפט אויף אים אַ בליק,
וואָס זאָגט: דער טייטש פון אַ ל ץ איז — טויט!

אין מערב טליעט נאָך די זון:
— פּאַרשפּעטיקט אויף אַ גאַנצער שעה
דיין אייגענע לויה, און —
דער טאָג פאַרגייט, און דו . . . ביסט דאָ!?

ער הייבט זיך אויף, מאַכט אויף די טיר,
בייגט אָן זיך . . . טוט אַ קוש די שוועל,
און אַלע ווערטער — וואַך, ווי פריער . . .
אים ווערן בולט, קלאָר און העל . . .

# אַ ווייס-לבנה׳דיקע האַנט

שטאָק נאַכט. ער שלייכט זיך צו צום הויז.
ער טוט דעם הויך פון שויב אַ וויש:
עס שלאָפט דאָס קליינע הויז־געזינט.
דער נאַכט־לאָמפּ שימערט אויפן טיש.

ער עפנט שטיל די טיר . . . ציט אויס
אַ ווייס־לבנהדיקע האַנט.
דער שפּיגל טוט אַ בליאַסק: ש ל ו ם !
און שאָטנט אויף זיך מיט דער וואַנט.

דער זייגער טוט אַ כמורנע קרעכץ:
— דו ביסט דאָך נאַר וואָס דאָ געוועזן?!
ער הערט און שווייגט און — חידושט זיך:
ס׳איז אַלץ . . . ווי גאָרניט וואָלט געשעזן!

זי שלאָפט, פון הינטערן ליילעך שמעקט,
ווי בעז, איר לייב אַרויס פון בעט.
ער בויגט זיך אָן. ער קניט און טוט
דאָס ווייסע קישן אירס אַ גלעט . . .

ווי פּאָזימקעס זיך רויטלען אויף
די בריסט ביי איר פון הינטערן העמד,
און אויף איר פּנים בליט די נאַכט . . .
די ערשטע ליבשאַפט — פרום, פאַרשעמט . . .

דער זייגער טיקעט, רוקט פאָראויס
די ווייזערס אויפן ציפערבלאַט.
אין ווייסן וויגל שלאָפט דאָס קינד,
און שמייכלט וואַרעם, היימלעך, זאַט.

ער לאָזט זיך שטיל אַראָפּ צום דיל
און זיפצט אַרויס אַ טעמנע וואָרט,
די זאַמש־פּאַנטאָפל אירע שטיין
אַזוי ווי תמיד אויף אַן אָרט . . .

ער בויגט זיך, נויגט זיך — נענטער, נאָנט.
ער רירט זיי מיט די ליפּן אָן . . .
זיי שמעקן נאָך מיט וואַרעמקייט,
ווי זי וואָלט ערשט זיי אויסגעטאָן.

דער זייגער נוקעט ברוגזלעך,
דערמאָנט און וואָרנט: באַלד שוין צוועלף!
ער הערט און מורמלט: גאָט, מיין האַר!
אָ, העלף זיך מיר דערמאָנען, העלף!

ווען איז דאָס אַלץ מיט מיר געשען?
אַ יאָר? אַ שעה? אַן אויגנבליק?
פאַרוואָס האָב איך דאָס הויז פאַרלאָזט,
און וואָס האָט מיך געבראַכט צוריק?

ס'איז שטיל. דער נאַכט־לאָמפּ אויפן טיש
פאַרשלאָפן שפּינט זיין שאָטן־ראָד
אַרום זיין צאַנקענדיקן קנויט.
ער שפּינט און זאָגט ניט אויס דעם סוד . . .

# עפּיטאַף

— — — אוי, אדם יסודו מעפר
וסופו לעפר. בן־אדם!
די וועלט איז אַ וועב־שטול, דאָס לעבן —
דער וועבער, און דו ביסט דער פאָדעם.

דער וועבער איז בלינד און דער פאָדעם,
ער וויינט ביי אים אונטער די נעגל:
— איז וואָס איז באַשערט מיר צו ווערן?
אַ טאָרבע, אַ העמד, צי אַ זעגל?

דער וועבער, ער וועבט און עס ציטערט
אַ טרער ביי אים אונטער דער וויע:
— איך ווייס ניט! מיין עובדא איז וועבן.
דיין גורל? — אין גאָט די מניעה!

דאָס פלאַקס און די וואָל און א פ י ל ו
דער זייד־וואָרעם איז נישט קיין יחוס
ביי גאָט ברוך־הוא, און מוז פאָלגן
און טאָן בלינדערהייד זיין שליחות . . .

אויף פלאַקס, און אויף וואָל, און אויף וואָרעם,
אויף גראָז, און אויף שטויביקע וועגן —
געשמייכלט האָט גאָט, און זיין וואָלקן —
געוויינט אין ביינאַכטיקן רעגן . . .

איך טו אויס מיין בגד, דאָס העמד מיינס.
ס'איז האַרבסט און אַ רעגנדל מראַקעט.
געבויגן אַזוי ווי די ווערבע,
אין האַרבסט, שטיי איך אויסגעטאָן, נאַקעט.

רבונא דעלמא! פאַרהעפט מיך
אין דיינע געהיימע געוועבן.
איך פרעג ניט און האָב ניט קיין תביעות
צו דיר און דיין וועבער — מיין לעבן . . .

# איך וועל אַהיים ניט קומען

לזכרון פרץ הירשביין

כ׳וועל היינט אַהיים ניט קומען,
ניט וואַרט מיט אָוונטברויט.
און לאָז ביז שפּעט ניט ברענען
דעם לאָמפּ . . . אַ שאָד דער קנויט.

און מאַך מיר ניט ס׳געלעגער —
אַ פּחד, אַז מען זעט
אַ נאַקעטע לבנה
אַליין . . . אין אַ ליידיק בעט . . .

דו מעגסט די טיר פאַרשליסן:
כ׳האָב מיין שליסל סיי ווי סיי
אַראָפּגעלאָזט אין ברונעם.
מיין שליסל איז פון בליי . . .

און פינסטער איז דער ברונעם,
דאָס וואַסער — סאַזשע־שוואַרץ — — —
דער שליסל איז מיין טרויער,
דער ברונעם איז מיין האַרץ . . .

עס וויינט דער פּוסטער עמער,
די שטריק, די ברונעם־ראָד:
— וואוהין, זאָג, גייסטו? — כ׳ווייס ניט!
פאַר מיר אַליין אַ סוד!

איך ווייס נאָר, כ׳האָב גע׳חלומט,
און אין חלום אויסגעטראַכט —
אַ געצעלט פון גרינעם סאַמעט,
דאָרט שלאָף איך היינט ביינאַכט.

אין אַ וואַלד שטייט דאָס געצעלט מיינס;
אַ וואַלד, וואו יעדער בוים
איז דין אַזוי ווי ווייַרויך —
מען קען אים אָנזען קוים.

אַזוי אַז די לבנה,
וואָס שטראַלט דאָרט נעפּל־מאַט,
זיפּט דורך זיך דורך די ביימער,
דורך יעדן צווייַג און בלאַט.

כ'האָב שטענדיק אויסגעמיטן
דעם וואַלד — פאַרצווייַגט געדיכט.
ס'איז פריקרע איינצושלאָפן
אַליין און גאָר אָן ליכט . . .

איך וועל אַהיים ניט קומען,
ניט וואַרט מיט אָוונטברויט.
און צינד ניט אָן אין פענסטער
דעם לאָמפּ: אַ שאָד דער קנויט . . .

# אַ שגעון

צוערשט האָט ער אַוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט,
דערנאָך — אַוועקגעשטעלט די ליימענע פיר ווענט.
און אַז ער האָט געהאַלטן ביים אַרויפלייגן דעם דאַך,
איז ער געוועזן שוין מיד, און ס'איז געוואָרן נאַכט.

ער קוקט דעם בנין אָן . . . ער איז אים עפּעס פרעמד,
ניט היימלעך, פריקרע, ווי אַן אויסגעבאָרגטע העמד . . .
נאָר ווען די פענסטער־שויבן האָבן פון די ווענט
צו אים אַרויסגעשמייכלט — האָט ער דאָס דערקענט . . .

ער זעט דעם דאַך, אין ליכט פון שטילער שקיעה־שעה,
זיך מינען, ווי אַ רעגנבויגן און איז מסכים: „יאָ!
מיין הויז!" . . . נאָר ווען עס האָט אין זיינע ווענט,
צום ערשטן מאָל, דער נאַכט־לאָמפּ זיך צעברענט,

האָט ער באַמערקט: אַנטקעגן, צווישן לאָמפּ און וואַנט,
דעם שאָטן פון אַ לאַנגער, אויסגעהאָרעוועטער האַנט,
פינף נעפּלדיקע פינגער, און עס פאַלט אים עפּעס אָן
אַ מין כאנדרא — די פינגער ציילן. אַ ש ג ע ו ן!

ער ציילט און ציילט די שאָטן־פינגער פון דער האַנט.
נאָך יעדן מספר — קומט אים צו אַ פינגער אויף דער וואַנט.
ער ציילט און ציילט, און ס'פאַלט אים אָן לסוף
אַזאַ מין מידע דרעמלעניש; אַ טעמנע־פריקרער שלאָף . . .

ער ראַנגלט זיך פאַר'עקשנט . . . פּרואווט זיך האַלטן וואַך . . .
באַמערקט ביים שכן קנוילט דער רויך זיך אויפן דאַך.
ער אויגנט נאָך די גרינלעך־בלויע קלומבן און ער טראַכט:
— לויט ס'קאַלערט זיך דער רויך — וועט רעגענען ביינאַכט.

דאָס לעצטע קניילכל רויך אין ווינט — אַ זייפנבלאָז!
נאָר ער, ער הערט שוין ניט, ווי'ן רעגן ווייגט דאָס גראָז . . .

# אין זקן וויינט דאָס קינד

קינדער האָבן מורא פאַר דער נאַכט, וואָס קוקט מיט טויזנט אויגן.
דערימעך וויינען זיי בשעת מען לייגט זיי שלאָפן.
זקנים אָבער קוקן אויף דער נאַכט ווי קלוגע, מידע סאָוועס
מיט רונדע אייגעלעך בורשטינענע — מיושבדיק און אָפן . . .

קינדער אין די וויגן ראַנגלען זיך מיט פויסטלעך אויפגעביילטע;
זיי ליאַרמען, שרייען; שטעלן זיך דעם שלאָף אַנטקעגן . . .
זקנים שלאָפן אײן אַליין . . . ווי פלאַטערלעך אויף פייכטע בלומען
אַנטקעגן דער פאַרגייענדיקער זון, נאָך אַ שטילן זומער־רעגן.

קינדער דאַרף מען וויגן; זינגען לידער, מעשהלעך דערציילן;
זיי אָפט מיט הונגעריקע וועלף און בלינדע בעטלערס שרעקן.
זקנים האָבן ניט קיין מורא . . . דען זיי שלאָפן איבער ספרים אָפענע
דעם שטערן אויפן פויסט, און צווישן בײדע קני — אַ שטעקן.

קינדער, אַז זיי דרעמלען, דאַרף זיין שטיל ווי אין אַ טויבן אויער;
דאָס מינדסטע פליגעלע אפילו טאָר ניט פלאַטערן, ניט זשומען.
זקנים דרעמלען וואַכעדיק, אינמיטן נאַכט, ביים חצות און זינגען.
דאָס ליכטל שמעלצט זיך ממש פון מתיקותדיקן שטילן ברומען . . .

מחמת אין דעם זקן לעבט דאָס קינד ביז סוף פון זיינע יאָרן —
געמעגט דעם לידער זינגען, מעשהלעך דערציילן, שרעקן, וויגן —
פלוצים וועט אינמיטן נאַכט דאָס קינד אין זקן זיך צעוויינען:
אין ברומען פון דעם חצות, אין שטילן תהילים־ניגון.

# דאָס ווייסע ליכט

דער ספר — אַלט. די בלעטער — געל,
פאַרפלעקט, פון מאָיל צעפּרעסן:
— ירושה פון דיין זיידנס דור,
כדי — זאָלסט ניט פאַרגעסן . . .

כ׳בין מודה ומתודה זיך:
כ׳האָב מורא טאָן אַן עפן
דיין ספר, טאָמער וועל איך שוין
דעם וועג צו דיר ניט טרעפן . . .

נאָר אָפטמאָל, ווען אַ בענקעניש
גייט אויף ביי מיר אין האַרצן,
דאָן עפן איך דיין ספר אויף,
און זע — אַ וואַלד אַ שוואַרצן . . .

די אותיות שוויבלען נעפּלדיק,
די שורות — בלינד׳ע וועגן.
פאַרוואַרלאָזט און — עס איז נישטאָ
ביי וועמען נאָכצופרעגן.

איך נישטער . . . פּרואוו דערמאָנען זיך —
אַ בור מדאורייתא!
נאָר, פּלוצלים, און פון ספר טוט
אַ בליאַסק! — אַ האָר אַ ווייסע!

אַ דין שלשלת־ציטערל . . .
אַ טריבער תורה־ניגון,
וואָס איז אין ספר דורות־לאַנג
ווי אַן אוצר דאָרט געליגן . . .

און ס׳ליכטיקט אויף פאַר מיר דאָס בלאַט;
די אותיות — העלע שטערן:
עס ברענט אַ ליכט און קאַפּטשעט פרום
און טריפט מיט טריבע טרערן . . .

איך בלאָנדזשע אין אַ ליכטיקייט —
פּרוכתן, מנורות,
טליתים, שופרות, לייכטער, הענט —
אַ וואַלד פון ווייסע דורות!

# אין עזרת-נשים

עס ציט די זון צום מערב־ראַנד,
דורך שאָטנס, טונקל־קילע.
אין שול, דער עולם רוט זיך אָפּ —
אַ האַלבע שעה פאַר נעילה.

מחזורים, תחינות, תהלימלעך,
סידורים, טייטש־חומשים.
פאַרשאָטנט זיצן זקנות דריי
אין טונקלען עזרת־נשים.

עס פלעמלען געל נשמה־ליכט
אין שול, אין אַלע ווינקלען.
אויך זייערע — די זקנות דריי —
צווישן אַלע פלעמלען, פינקלען.

זיי היטן — יעדערע פאַר זיך —
די געלע ליכט, וואָס ברענען.
עס פרואווט זיך יעדערע פון זיי
איר אייגן ליכט דערקענען . . .

רופט אָפּ זיך איינע פון די דריי —
אַ זקנה אין די יאָרן —
— ווען מיינער וואָלט געלעבט, וואָלט אים
היינט אַכציק יאָר געוואָרן.

רופט אָפּ די צווייטע זקנה זיך —
איז ווינציק וואָס פאַרוואונדערט —
— עליו־השלום „מיינער״ וואָלט
געווען היינט גאַנצע הונדערט!

די דריטע זקנה הערט און שווייגט —
איר דינט ניט דער זכרון,
זי האָט זיך לאַנג פאַרפּוטיעט שוין,
פאַרפּלאָנטערט אין די יאָרן . . .

עס פלעמלען די נשמה־ליכט,
און שמעלצן זיך און צאַנקען,
און וועקן אין די זקנות דריי
פאַרנעפּלטע געדאַנקען.

דאָס ליכט, דאָס ערשטע, לעשט זיך אויס.
— איז דאָס ניט, חס ושלום —
טראַכט יעדערע פאַר זיך אין האַרץ —
ז י י ן ליכט . . . איר וויטער חלום?

די זון פאַרגייט. דער מערב גליט,
אין שקיעה־ליכט אין קילן.
די זקנות קוקן אויף דער זון,
און ווישן אויס די ברילן . . .

# באַהעפּט, פאַרוועב זיך — — —

דאָס הונגעריקע אויג דיינס גאַרט די גאַנצע וועלט פאַרזשערען;
אַרומנעמען די ערד, דעםברייטן אָקעאַן אַריבערשווימען;
די זאַמדיקע מדבריותן, די בערג אַריבערשפּאַנען,
כדי — כדי זאָלסט לאָזן הינטער זיך אַ שפּור, אַ סימן,
אַז קומענדיקע דורות זאָלן דיך געדענקען און דערמאָנען.

דאָס לעבן דיינס איז אָבער קורץ — אַ טראַנס, אַ חלום;
אַ שפּיל פון פונקען פרייד, און גרויע וואָלקנס זאָרגן.
די יאָרן דיינע — רגעס — צוגעציילט און ווינציק.
און גאָט וועט דיר קיין איבעריקן טאָג ניט באָרגן,
וואָרעם ווער קען ערב זיין פאַר דיר, בן אדם,
אַז דו וועסט קענען אים דעם חוב באַצאָלן מאָרגן?

די נאַכט געהערט צום היינט . . . הייב אויף די אויגן דיינע,
און גיס צונויף זיך מיט די ווייטע, ווייסע שטערן;
באַהעפּט, פאַרוועב זיך מיט די ליכטיק-לויטערע מזלות.
און אַז דיין אייגן מזל וועט סוף נאַכט פאַרלאָשן ווערן,
וועסטו — פאַר בלאָנדזשענדיקע שיפן, אויף די זיבן ימים —
נאָך בלייבן דורות לאַנג דער שטראַל פון אויסגעברענטן שטערן . . .

# אַ ל ט י ט ש ק ע

צוויי אַלטיטשקע־אַלטיטשקע אַלטע,
ווי ווערבעס אין רעגן געבויגן.
צוויי אַלטיטשקע־אַלטיטשקע אַלטע,
מיט קינדיש־פאַר׳חלומטע אויגן.

זיי היטן זיך איינער דעם צווייטן —
צוויי גרייז־גרויע טײַבעלעך־מענטשן.
זיי פינטלען און שמייכלען זיך איבער,
ווי שבת־ליכט שפעט נאָכן בענטשן . . .

צוויי זילבערנע לייכטער, צוויי ליכטלעך,
צוויי קליינטשיקע כשרע פלאַמען.
צוויי ליכטלעך, צוויי וואַרעמע קנייטלעך,
זיי שימערן היימלעך צוזאַמען.

זיי בלינצלען און טרערן אינאיינעם
אַריין אין פאַר׳חלבטע רערן.
זיי היטן זיך איינער דעם צווייטן:
ווי לאַנג קאָן דאָס פלעמלען געווערן?!

צוויי ליכטלעך, צוויי קנייטלעך, צוויי פלעמלעך;
צוויי סודותדיק־שטילע געדאַנקען:
אַוואָסערס וועט פריער פאַרגיין דאָ?
און וואָסערס וועט בלייבן נאָך צאַנקען?!

עס בלינצלען צוויי רויכיקע פלעמלעך
אַרויס פון פאַרטריפטע צוויי רערן.
עס דרעמלען צוויי אַלטיטשקע־אַלטע
אין שיין פון לבנה און שטערן . . .

# מ ע ש ה ל ע ך

דאָס באָבעלע דערציילט אונדז מעשהלעך.
מיר, אייניקלעך, פאַרגאַפּטע הערן.
באַמערקט זי אַז אַן אייניקל נעמט קווענקלען,
די אייגעלעך די בלויע נעמען פינקלען:
דאָס מעשהלע משמעות איז געפעלן —
רייסט זי אויס פון שטערנטיכעלע אַ שטערן:
— נאַ!
און זאָל אין אַלע גלידערלעך דיר ליכטיק ווערן.

די אַלטע נאַכט דערציילט אונדז מעשהלעך.
מיר זיצן קלוגיטשקע און הערן . . .
באַמערקט זי אַז אַ קינד ווערט מיד, נעמט דרעמלען,
די פינטעלעך די שוואַרצע אין די אויגן
הייבן אָן צעשטרייט אַרומצושווימען —
רייסט זי פון דעם מילך־וועג אָפּ אַ שטערן:
— נאַ,
און שפּיל זיך ביז דו וועסט אַנטשלאָפן ווערן . . .

# דאָס בלויע נישטאָיקע לאַנד

איך האָב זיך פאַרחלומט אַ חלום.
איך האָב זיך אַ טראַכטונג פאַרטראַכט.
איך כישוף אַ כישוף און כישוף
זיך אויס אַ פאַרכישופטע נאַכט.

איך חלום זיך אויס אַ לבנה;
אַ הימל מיט שטערן — אין־סוף!
אַז אַלצדינג אַרום מיר איז חלום,
איז אויך שוין אַ חלום דער שלאָף . . .

עס פאַלן צו מידע די וויעס.
איך דרעמל . . . און — שלאָף אָבער ניט . . .
עס פאַדעט אַרום מיר די שטילקייט —
אַ שאָטן מיט באָרוועסע טריט . . .

אַז אַלצדינג איז כישוף און חלום —
בין איך שוין ניט דאָס וואָס געווען . . .
און בין איך שוין רוחניות ווידער,
קאָן אַלץ דאָך מיט מיר שוין געשען.

איז, שפּאַן איך מיר איין מיין לבנה
אין זיבן פּאָר שטערן און פלי־י־י־י!
איבער לענדער, מדבריותן, ימים —
וייט־ווייט פון מדינת „דאָ־הי".

אַ קרייד־בלייכער ציטער פאַרצייכנט,
אַז איך בין וואו־ערגעץ נאָך דאָ;
אַז איך האָב געווילט דאָ אַ רגע,
געווען און — איך בין שוין נישטאָ!

אַ דין־דינער ציטער — אַ נאָכקלאַנג
אַזוי ווי דער ריח פון אַ ליד.
עס דרעמלען די ערד און די ימים,
אַליין דער סמבטיון בלויז זידט . . .

ער שטורעמט און שליידערט מיט שטיינער . . .
נאָר איך, וואָס בין כישוף אַליין,
פאַרוויג אים, פאַרוואַנדל זיין אומרו
אין רו, וואָס באַשערט איז דעם שטיין.

און כאָטש כ׳בין ניט מער ווי אַ שמץ
פון יש . . . איז מיין ראיה — קרישטאָל.
איך זע ווי עס בלויט דער סמבטיון
אַרויס אַ צעשטראַלטער פון טאָל . . .

אַ שפיגל פון טויזנטער אויגן.
ער ווינקט מיר: — געוווען דיר באַשערט
זאָלסט גורם זיין שבת — מנוחה! . . .
קוים רו איך — איז שבת אויף דר׳ערד.

איך הייב אויף מיין ראיה: — עס שימערט,
שאַריעט, אין מזרח ביים ראַנד
פון הימל — דער נאַכט־לאָמפּ — נירוואַנאַ!
דאָס בלויע, נישטאָיקע לאַנד . . .

# פאַנטאַזיע

איך שפּאַן ביי דער זייט פונם מילכוועג,
און פליק מיר אויס לאַנגווייל די שטערן:
נישטאָ צוליב וואָס זיך צו איילן,
און אגב, זאָל לענגער געווערן . . .

דער לעצטער . . . דער זיבעטער טויער!
אויף יענער זייט — טונקלע ציפּרעסן;
פאַרנעפּלטע וועלדער, וואָס ציען
זיך ווייט . . . ביז „מדינת־פאַרגעסן" . . .

עס בליען זיך פּלוצים פאַנאַנדער
ביי מיר אין טומאַנעם זכרון —
זכרונות, חלומות, וואָס איך האָב
פאַרלוירן אין לויף פון די יאָרן . . .

איך צייל מיינע טריט, ווי דער זייגער
די רגעס ביים חולה צוקאָפּנס;
איך שפּאַר זיי אַזוי ווי דער וואָגלער,
אין מדבר, פון לאָגל די טראָפּנס . . .

איך דריי אויס דעם קאָפּ אויף אַהינטער:
דער מילכוועג זיך מינעט, ווערט בלאַסער.
די שיטערע שטערן זיך הוידען,
ווי לאָטוסן אונטערן וואַסער.

צי איז דאָס אַ כישוף, אַ חלום?
עס נעמען די שטערן זיך מינען —
געשטאַלטן, געזיכטער און אויגן,
זיי שימערן אויף און — צערינען . . .

איך האָב ניט געאַנט צי איך בין נאָך
מסוגל אַזוי צו געדענקען;
אויב איך קען נאָך שפּירן דעם ציטער,
דעם טעם אין דעם אומעט פון בענקען . . .

ניט וועק מיך . . . צעשטער ניט דאָס בלאָנדזשען . . .
איך שוועב צווישן ווארהאַפּט און רמז:
די וואָר איז די זריעה פון חלום,
דער חלום — דער וואָרצל פון אמת . . .

# סעפּטעמבער

עס רעדט דער רייטער צו זיין פערד,
און טרייסט אים: — שוין . . . אָט באַלד!
אָט דאָרטן וואו די זון פאַרגייט,
הייבט אָן זיך — האַרבסט און וואַלד.

ער שטעלט זיך אָפּביים ליפּע־בוים
און קריכט אַראָפּ פון פערד,
טוט אויס די שטיוול, קניט און קושט
דעם שאָטן אויף דער ערד.

דאָס גראָז איז געל, דאָס פערד איז ווייס,
דער וואַלד איז קארמעזין,
און ער אַליין איז דעמער־בלוי,
און ווי זיין שאָטן — דין.

דאָס פערד טוט נאָך: בויגט אָן דעם קאָפּ,
און ניוכעט מיטן נאָז
די פייכטע ערד, די קילע נאַכט,
זיין שאָטן אויפן גראָז.

עס רעדט דעם רייטערס אויג צום פערד:
— איך רייט נישט מער קיין טראָט!
כ'בין מיד . . . און דו, מיין רייטפערד, רייט!
אַליין אויף גאָטס באַראָט!

„איך רייט אָן דיר ניט!" זאָגט דאָס פערד,
און לאָזט אַרויס דעם צוים
פון מויל, און טוט אַ קוש זיין האַנט,
אין שאָטן פון זיין בוים.

* * *

דאָס גראָז איז געל, דער הימל גרוי,
און בראָנזיק־ברוין דער וואַלד,
און נאָר דער ליפּע־בוים אַליין
איז גרין, ווי עמעראַלד.

# אין ווילדן וואַלד אַליין

ווי נאָר מיר האָבן זאַלבענאַנד דעם ראַנד פון וואַלד באַטראָטן,
האָט ער זיך אָפּגעשיידט פון מיר — מיין אומעטיקער חבר  ש אָ ט ן.

איך וואָרן אים:
— דער וואַלד איז ווילד און אומעטיק,
אומענדלעך גרויס, און טונקל ווי מיין חלום,
אַליין, אָן מיר, וועסטו פאַרבלאָנדזשעט ווערן חס ושלום!
ער ענטפערט ניט!
איך חזר איבער נאָכאַמאָל מיין וואָרנונג, און איך זאָג אים:
— אין ווילדן וואַלד, אַליין, וועסטו פאַרבלאָנדזשעט ווערן!
ער ענטפערט ניט!
אַפּנים, אַז איך בין שוין זייער ווייט פון אים דערוווייטערט,
אַזוי, אַז איך אַליין אפילו קען מיין אייגן קול
שוין ניט דערהערן . . .
האָט אָבער גאָט געבענטשט מיך מיט אַ טאָפּלט שאַרפער ראיה —
אַזאַ, וואָס איז געוואוינט צו פינסטערניש,
ווי ס׳איז געוואוינט דער אומעטיקער אָוונט־שטערן
צום דעמער אין דער שעה פון ערב שקיעה . . .

דאָס האַרץ מיינט טרייסט . . . און רעדט מיר איין:
— ס׳איז גוט צו בלאָנדזשען אין דעם ווילדן וואַלד אַליין,
מיט מיד אַראָפּגעלאָזטע אויגנדעקלעך.
עס שימערן די פּייערפּליגעלעך פון שוואַרצן גראָז אַפּיר,
פון צווישן די געדיכטע יאדלע־צווייגן גלימערן אַרויס,
ווי ווייסע פלאַטערלעך, צעדריבלטע לבנה־ברעקלעך . . .

ס׳איז גוט אין וואַלד אין ווילדן זיך פאַרלירן!
פאַרבלאָנדזשען, און ניט וואַרטן — עמעץ זאָל דיך קומען פירן . . .
און זיכער זיין, אַז וואו דו שטעלסט אַ פוס
האָסטו דעם וועג — וואָס גאָט האָט אָנגעצייכנט דיר — געטראָפן.
אַז וואו דו לייגסט אַוועק דעם קאָפּ
האָסטו דיין לאַנג־געגאַרטע רו געפונען,
און ווען דו מאַכסט די אויגן צו — איז צייט צו שלאָפן, שלאָפן!

# ווידערקול

— — — ער איז אַנטרונען און אַראָפּגעגנידערט צו דעם טאָל,
דערפרייט זיך מיט זיין איינזאַמקייט; צעזונגען זיך,
און האָט דערהערט פון זיין געזאַנג דאָס ווידערקול.

אין גרוי־געדיכטן וואַלד פון שטיינערדיקע ווענט
האָט ער זיין קול פאַרהערט . . . פאַרגעסן . . . און ערשט איצט,
אין שטילער שטילקייט, דאָס דערהערט און קוים דערקענט.

ווער איז דאָס דער, וואָס האָט מיט אים ביינאַנד אין טאָל
געגנידערט, ווי דער דינער נעפּל־שפּריי, און האָט
אין שטילסטער שעה פון נאַכט אים אומגעקערט זיין קול?

ווער איז ער?! און פאַרוואָס האָט ער, ווי גאָט, פאַרדעקט
פאַר אים דאָס פּנים זיינס, און איצט אין טונקלער שעה
פון איינזאַמקייט — אַ רואה ואינו נראה — זיך אַנטפּלעקט?

ווער איז ער?! וואו באַהאַלט ער זיך? אין גראָז? אין ווינט?
אין טוי? אין פונק פון פייערפליג? אין שאָטן פון דעם באַרג?
אין נעפּלשפּריי? אין פאָדעם־דינעם שטראָם, וואָס שפּינט

די שטילע שטילקייט אונטער זיינע שאָטנדיקע טריט?
אין פּלוצים־אויפגעוואַכטן חלום? אין דער בענקעניש,
וואָס וויינט ווי אַ געפּלאַצטע סטרונע פון אַ האַרף אין זיין געמיט?

ער מאַכט די אויגן צו, און הערט זיך איין צום ווינט אין טאָל:
— דו ביסט דער טוי, דאָס גראָז, דער ווינט, די פייערפליג!
נאָר ער — ער הערט שוין ניט . . . ער איז אַליין דאָס ווידערקול.

# אַ מעשה פון אייביקן נעכטן

## א

. . . ער רעדט און ער פּיפּקעט זיין ליולקע,
ווי ער וואָלט באַמיט זיך פאַרפּלעכטן
דעם בלוי־גרינעם רויך מיט די ווערטער —
אַ מעשה פון אייביקן נעכטן.

— אַמאָל — הייבט ער אָן — האָט אַ שטורעם
אַ קערנדל זריעה פאַרבלאָזן
פון ערגעץ אַ פלוין, און אינמיטן
פון ים, אויף אַ פעלז אים געלאָזן . . .

דער ים, ווי דער בורא, איז אייביק,
און ציילט ניט די טעג און די יאָרן.
דער פעלז האָט די זריעה פאַרנומען,
און גרין ווי אַ פאַווע געוואָרן.

די רויך־בלויע פליטערלעך שוועבן
ווי פלאַטערלעך — גרינגער און גרינגער . . .
ער שטעלט אָן אויף מיר זיינע אויגן
און טוט מיר אַ שטורך מיט אַ פינגער:

— אויף דיר איז געפאַלן דער גורל,
אַז דו זאָלסט דער ערשטער באַוואוינען
דעם אינזל, און ווערן זיין מלכות —
אַליין פאַר דעם קיניג זיך קרוינען.

זאָל דאַכטן — ביסט ראָבינסאָן קרוזא,
פון שיף־ברוך ערשט ניצול געוואָרן,
און האָסט זיך דערשלאָגן צום אינזל,
און לעבסט דאָרט זיך אויס דיינע יאָרן.

דער ים טראָגט די כוואַליעס; די כוואַליעס —
זיי קומען, זיי גיין און פאַרשווינדן.
דו הערסט זייער עכאָ פון ווייטנס
פון אונטער דעם נעפּל, דעם בלינדן.

די יאָרן — אַזוי ווי די כוואַליעס
אין ים, נאָר — פאַראומערטע, שטילע.
זיי גיין און זיי גיין . . . זייער עכאָ —
ער קערט זיך ניט אום שוין אפילו . . .

דיין בגד — פון רעגן צעפרעסן,
דאָס העמד דיינס — פון ים־זאַלץ צעקראָכן.
נאָר, שעמען זיך ז אָ ל ניט דער קיניג
פאַרן אייגענעם שאָטן — זיין שכן.

און פלוצים: דאָס אויג זיינס פאַרשפּיצט זיך;
נעמט פלאַפּלען מיט שוים אויף די ליפּן.
מיר דאַכט זיך: ער ציט זיינע ווערטער
פון דמיון און זוכט זיי פאַרקניפּן

מיט אייגענע ווייטע מחשבות;
פאַנטאַסטישע, ווילדע רעיונות;
פאַרנעפּלטע בענקשאַפטן אַלטע;
חלומות, טומאַנע זכרונות — — —

ער כאַפּט אָפּ דעם אָטעם, ווישט אָפּ זיך
דעם שווייס פון דעם שטערן . . . מיר דאַכט זיך:
איך האָב אים געזען וואו! — „אין שפּיגל!״ —
כאַפּט אונטער דער פּלוט און צעלאַכט זיך.

אַ רגע . . . ער פּיפּקעט שוין ווידער,
און צמאָקעט נערוועז מיט די ליפּן:
באַמיט זיך די דולע רעיונות
צוריק מיט אַ סדר פאַרקניפּן.

זיין שטערן דער כמורנער פאַרקנייטשט זיך,
ווי ער וואָלט געזוכט צו געפינען
דעם איבערגעריסענעם פאָדעם,
וואָס ער האָט געהאַלטן אין שפּינען . . .

— און טרעפט, אַז דער שטורעם באַפאַלט דיך,
דיר דאַכט זיך — דיין אינזל ווערט חרוב!
זיי רואיק! עס פּאַסט ניט דער קיניג
זאָל פאָרכטן זיך. איך בין דיר ערב.

אַז גאָט וועט פון בייז דיך פאַרהיטן,
און הערסטו אין האַרבסט, ווי עס קראַקעט
דער ראָב אויף דער נאַקעטער ווערבע:
—ד ע ר  ק י נ י ג,  ד ע ר  ק י נ י ג  א י ז  נ אַ ק ע ט!

פאַרשטאָפּ זיך די אויערן דיינע,
און מאַך זיך ווי דו וואָלטסט ניט הערן.
דער קיניג מעג אומגיין דאָ נאַקעט.
ווער קאָן דאָס דעם קיניג פאַרווערן?!

ב

— דער אינזל — אַ גאָלד־גרינע פּאַווע.
די פּאַווע געהערט נישט צו קיינעם!
אַזוי ווי דער ים און דער הימל
געהערט זי — דיר איינעם, ד י ר איינעם!

דער בוים גיט דיר פרוכט און אויך פייער.
דער פעלז־באַרג — אַ הייל זיך צו שיצן
פון שטורעם, פון היץ און פון רעגן,
פון קעלט און פון וועלף און פון בליצן . . .

און טרעפט, אַז דער רעגן פאַרהאַלט זיך:
דער הימל צינדט אָן זיך און פלאַקערט;
דער היישעריק לאָזט זיך אַרונטער,
און ס׳לאַנד, ווי דער קיניג, בלייבט נאַקעט,

און ס׳באַפאַלט דיך דער הונגער אַזוי ווי
אַ וואָלף, וואָס איז גרייט דיך פאַרצוקן,
באַווייזט זיך, אַזוי ווי אַ שטערן,
דער הירש ביי דעם פעלז אויפן רוקן . . .

(אויך אים האָט דער דורשט און דער הונגער,
דער פּחד דער בלינדער, פאַרטריבן
פון וואַלד, וואָס איז נאַקעט און הויל איצט
אַזוי ווי דער פעלז־באַרג געבליבן.)

דער הירש אויפן פעלז — דיר אַ צייכן,
אַ סמן־בטחון, אַ נדר,
אַזוי ווי דער לאַם, וואָס אין חומש,
ביים שייטער פון יצחק׳ס עקידה . . .

ג

— דער הירש האָט צוויי הערנער — מנורות.
צוויי גרויסע בורשטינענע אויגן,
און דו, ביי דיין זייט, האָסט דיין שאָטן,
דיין פייל און געהאַרכזאַמען בויגן . . .

איז . . . טו, ווי דער בליץ טוט אין שטורעם;
די שלאַנג — אויף פאַרוואָרלאָזטע וועגן.
נעם, שפּאַן איין די פייל אין דעם בויגן
און ציל אויף דיין קרבן אַנטקעגן.

ד

— דער הירש ליגט אַ רויטער . . . אַ טויטער,
מיט אָפענע שרעק־פולע אויגן:
— פאַרשאָלטן זאָל ווערן דער הונגער,
דער קיניג, די פייל און דער בויגן!

נאָר דו שטייסט באַרוישט פון נצחון,
פאַרשיכורט, און הערסט נישט אפילו
זיין תוכחה . . . קניסט לעבן פייער
געבויגן און תפילהסט אַ תפילה:

— „דאָס פלייש דיינס איז האָניק; דאָס בלוט דיינס —
איז ווייַן צו די דורשטיקע גלידער!״
באַרוישט פון דעם תענוג, באַפאַלט דיך
אַ וואַרעמער דרעמל, אַ מידער . . .

דו פילסט ניט ביי זיך אונטערן גומען
דעם ריח פון טויט; אויף די ליפּן —
דעם ווייטיק, וואָס האָט ביי דיין קרבן
געצאַפּלט זיך צווישן די ריפּן.

ה

— דו דרעמלסט . . . עס בלייכן די שטערן.
זיי ווערן אַלץ שיטערער, קנאַפּער . . .
אַ ל י י ן  א י ז  ד ע ר  ק י נ י ג . . א ל  ח נ ו ן !
ד י  ז י נ ד  מ י י נ ע  ז י י  מ י ר  מ כ פ ר !

מיט וואָס בין איך אַנדערש פון אינזל?
פון הירש מיט די גאָלדענע אויגן?
פון וואָלקן געטריבן פון שטורעם;
פון פייל, וואָס איז קנעכט צו זיין בויגן? — — —

* * *

איך דריי איין דעם לאָמפּ און פאַרלעש אים —
אינאיינעם מיט מיינע שוואַרצאַפּלען —
וואָלט איך אַזוי קאָנען פאַרלעשן
דעם דולנס צעפּיבערטן פלאַפּלען!

איך דרעמל און הער ווי ער פלוידערט;
איך זע זיין פאַרוואָלקנטן פּנים,
די ווילדע, צעפּיבערטע אויגן;
כ׳דערמאָן זיך! . . . איך קאָן אים, א י ך  ק אָ ן  א י ם !

איך גראָב איין דעם קאָפּ אין דער קישן.
דאָס האַרץ אָבער פלאַטערט און צאַפּלט . . .
איך הער דורכן דרעמל, ווי ס'פּיפּקעט
דער דולער זיין ליולקע און פלאַפּלט:

—דו ביסט ווי דער ווינט, ווי דער רעגן;
די פייל און דער בליץ און דער שטורעם!
דער בורא, וואָס האָט דיך געשטאַלטיקט
אַליין אין זיין אייגענעם פורעם...

# אַ מעשה מיט אַ צויבער־שלאָס

די שיינקייט פון דעם לאַנד אַרום
איז גאָרנישט אָפּצומאָלן:
כסדר — וועלדער, גערטנער, בערג
און בלוילעך־גרינע טאָלן.

דאָס הויז זיינס אויפן גרינעם באַרג —
אַ ליכטיקער לאַמטערן.
די פענסטער — שפיגלען זילבערנע,
די שויבן — העלע שטערן.

ווי אַלט עס איז דאָס הויז ? — גיי טרעף:
נישטאָ גאָר דער זכרון,
וואָס זאָל געדענקען . . . מן הסתם
שוין מתושלחס יאָרן.

דריי דורות וואוינען אין דעם הויז.
דער אייניקל — דער קלענסטער —
באַטראַכט גאָטס וועלט . . . און וואָס ער זעט
איז, וואָס ער זעט פון פענסטער.

נאָר וויסן ווייסט ער — האָט געהערט:
אַז דאָ ניט ווייט פונדאַנען
איז דאָ אַ וואַלד, און אין דעם וואַלד
איז אַ צויבערשלאָס פאַראַנען.

אַ וואונדערלעכער צויבערשלאָס!
מיט גערטענער, פאָנטאַנען;
באַלקאָנען, טורעמס, און אַ טייך
מיט שוימיק־ווייסע שוואַנען.

און אונטערן שלאָס — פאַרהוילענע
טונעלן, קעלערס, היילן;
אַזעלכע וואונדער, וואָס אַ מויל
קאָן גאָרנישט נאָכדערציילן . . .

אַזאַ מין חן! אַ כישוף ליגט
אויף דער געגנט אויסגעגאָסן.
זיין פענסטער אָבער איז פאַרמאַכט,
דער טויער — פעסט פאַרשלאָסן.

און נאָר דער סטרוזש פאַרמאָגט צו אים
דעם שליסל און די שליטה,
אי דאָס, ווען ס׳קומען געסט — נאָר דאָס
טרעפט איינמאָל אין אַ שמיטה —

צעעפנט ער דעם טויער ברייט
און לאָזט אַ ווייל אים אָפן.
דאָך, נסים טרעפן פאָרט, און היינט
האָט זיך אַ נס געטראָפן:

אין אָוונט האָט אַ פור געבראַכט
אַ גאַסט — אַ מענטש, אַ גרויער —
דער סטרוזש, דער אַלטער, היט די פערד,
און ער — דעם פרייען טויער . . .

דאָס גאַנצע הויז איז מיט דעם גאַסט,
דעם חשובן, פאַרנומען — — —
די לבנה שווימט . . . און ע ר — נאָך איר . . .
נישטאָ! . . . אַוועקגעשוואומען! — — —

אין וואַלד איז שטיל. די נאַכט איז קיל.
די שטערן בלוי זיך מינען.
ער זוכט דעם צויבערשלאָס און זוכט,
און קאָן אים ניט געפינען.

די פייערפליגעלעך, אין גראָז,
זיך ווינקען מאָדנע איבער . . .
אין טייך די זשאַבעס גארגלען זיך,
זיי דאַוונען בציבור . . .

אין זייער צימבלען עפּעס שטעקט
אַזאַ מין מרה־שחורה! —
זיי ווילן אים אין טייך אַריין
פאַרשלעפּן, האָט ער מורא!

ווער׳ט וויסן גאָר פון זיין געביין?!
דער טייך וועט דען געדענקען?!
ער קלערט און ס׳ווערט אים אומעטיק.
דאָס האַרץ גייט אויס פון בענקען . . .

ער קוקט זיך אום: שטאָק נאַכט אַרום.
ער ציטערט, לויפט און שרעקט זיך.
נאָר פּלוצים: אויף אַ גרינעם באַרג —
אַ צויבערשלאָס אַנטפּלעקט זיך!

קיין טורעמס אָבער זעט ער ניט.
וואו זיינען די פאָנטאַנען?!
די גערטענער? דער בלויער טייך?
די שוימיק־ווייסע שוואַנען?

דער שלאָס איז עפּעס . . . קענטלעך אים.
אים דאַכט זיך . . . ער וואָלט שווערן,
אַז דאָרט ביים טויער שטייט דער סטרוזש,
און בלינקט מיט דעם לאַמטערן . . .

און ער דערקאָנט אים אָן דעם האָרב,
און אָן דער באָרד דער גרויער.
ער טאָפּטשעט, באָברעט עפּעס זיך
ביים ריגל־שלאָס פון טויער.

דער אַלטער טויער טוט אַ קרעכץ,
פאַרהוסט זיך, טוט אַ סקריפּע;
צעעפנט זיך פּאַמעלעכל,
טוט הייזעריק אַ כליפּע:

— אַ גאַסט, אַן אָנגעלייגטער גאַסט!
צוריק פון מידן וואַנדער!
דער „גאַסט״ בויגט אָן פאַרשעמט דעם קאָפּ,
און כליפּעט זיך פאַנאַנדער . . .

# דער לעצטער אינזל

ער וויל אַנטלויפֿן פֿון דער וועלט.
פֿאַרציִען אויף אַן אינזל אַ געצעלט —
אַ באַרג, אַ ברונעם און אַ בוים,
און זאָגן „רו — דאָ איז דיין היים!"

דער ים קנעט טויזנט אינזלען אויס.
דער ווינט איז פֿריי . . . דער ים איז גרויס,
דער מענטש, ער שפּרייט די זעגלען אויס,
און שווימט אין וויטן ים אַרויס.

דער ערשטער אינזל אויפֿן ים —
אַ טעמנער קנויט, אַ כמורנער פֿלאַם.
דער זעגל פֿלאַטערט רואיק, פֿריי
און שווימט דעם אינזל־ברעג פֿאַרביי.

דער צווייטער אינזל — זאַמד און שטיין:
דאָס איז דאָך — גאָט! . . . די רו אַליין!
דער זעגל הינקט אַרויף, אַראָפּ
און שטעלט ביים אינזל זיך נישט אָפּ.

דער דריטער אינזל — ווייט פֿון ברעג —
אַ צויבערלאַנד אין מיטן וועג.
די וועלן פֿלאַפּלען: „פֿרידן, רו",
נאָר — לאָזן צו דעם ברעג ניט צו . . .

דער פֿערטער אינזל, ווי אַ פּויסט
טוט אויסן ים אַ שפּאַר אַרויס:
— בלייב שטיין! אַ יאָר, אַ טאָג, אַ שעה!
אפֿילו גאָט איז דאָ נישטאָ!

דער פֿינפֿטער — בערג — קאַראַלן־רויט.
אַ שטילע שטילקייט, ווי דער טויט!
דער זעגל שעפּט זיך אָן מיט ווינט —
אַ נויג, אַ ציטער, און פֿאַרשווינדט.

דער זעקסטער — דרעמלט אין טומאַן —
אַן אויסגעלאָשענער וואולקאַן:
דער באַרג איז נאַקעט ווי די שרעק!
דער זעגל בלייכט, און אײַלט אַוועק . . .

(דער ווינט, דער זעגל און דער ים,
ווי בלינדע, ציילן זיי ניט סתם
די גרויע נעכט, די ווייסע טעג —
די אינזלען — טויזנטער — אין וועג).

דער לעצטער־לעצטער אינזל שוין —
אַ וואַלד אין גרינער בלעטער־קרוין:
— הייב אויף די הענט, און לויב און בענטש! —
דער זעגל גרויט . . . עס שלאָפט דער מענטש.

דער ים רוישט קאַלט פאַרביי דעם ברעג.
דער מידער מענטש, אינמיטן וועג
איז איינגעשלאָפן ווי אַ שטיין.
עס שלאָפט דער מענטש, און — איז אַליין . . .

# מעני און נעני — אַ מעשה

— דער זייגער האָט אַכט שוין געשלאָגן.
ס׳איז נאַכט און די פייגעלעך שלאָפן.
דו איינער בלויז ליגסט נאָך אַ וואַכער,
די ליכטיקע אייגעלעך אָפן.

דו וואַרטסט, אַז איך זאָל דיר דערציילן
דעם סוף פון דער נעכטיקער מעשה?
די מעשה פון מעני, דעם ריטער,
און נעני, דאָס ציגעלע ווייסע?

געדענקסט דאָך דעם ריטער דעם בלאָנדן?
דו ווערסט אים אוודאי דערקאָנען.
אַ וואונק פון אַן אייגל, אַ שמייכל,
און דו ווערסט זיך אַלצדינג דערמאָנען . . .

ער טראָגט נאָך דאָס אייגענע מיצל,
דאָס רויטס, מיט דעם גאָלדענעם פעדער,
די פּליושענע הייזלעך די גרינע,
די שטיוול פון גאָלד־רויטן לעדער.

איצט, נעמען מיר מענין, דעם ריטער,
און נעני, די ווילד־ווילדע בריאה,
און זעצן אויף מענין אויף נענין,
און היידאַ! אויף אונדזער נסיעה.

* * *

דער הימל איז בלוי, און די שטערן —
זיי פינקלען אַזוי ווי בריליאַנטן.
דער טוי און די גלי־ווערים בלינצלען
אַרויס פון דעם גראָז, ווי דימאַנטן.

מאַכט נעני צו מענין: — אַ ה י מ ל!
אַ חיות אין אים זיך צו שפּיגלען.
האַלט אָן זיך ביי מיר אָן די הערנער.
איך פּיל . . . ווי עס שפּראָצן מיר פליגלען!

מיר ווילט זיך . . . כ׳האָב חשק אַ פלי טאָן
אַרויף צו דער ווייסער לבנה.
אין וועג ליגן שטערן און וואָלקנס,
און פליען — שמעקט אָפּט מיט סכנה . . .

אַ היפּשער מהלך . . . און דאָרטן
איז אַלצדינג קאַפּויר, און דער שטייגער
פון לעבן איז אַנדערש: נישטאָ דאָרט
קיין מולד, קיין לוח, קיין זייגער . . .

נישטאָ קיין „מע טאָר" און „מע טאָר ניט";
נישטאָ דאָרט קיין שול און קיין חדר;
קיין מיטוואָך, קיין שבת, קיין יום־טוב,
אַז דאָרטן איז יום־טוב כסדר!

די מענטשן — מלאכימלעך בלויע,
מיט זיידענע פליגעלעך ווייסע.
זיי שוועבן אַרום, ווי די פּעען
ווי ס׳טרעפט אין אַלאַדינס אַ מעשה . . .

נישטאָ דאָרט קיין שטעט און קיין דערפער.
מען ווייסט ניט פון אַרבעט, פון האַנדלען.
מע פליט און מע פלאַטערט . . . וואָס עסט מען?
מאַראַנצן און ראָזשינקעס, מאַנדלען.

און קליידער — ווער דאַרף עס דאָרט קליידער?
אַז אָנגעטאָן גייט מען דאָרט נאַקעט,
און רעגענען, רעגנט דאָרט קיינמאָל:
דער טוי דאָרטן ווען־ניט־ווען מראַקעט . . .

די חיות, בהמות און עופות
אפילו דאָרט לעבן בשלום.
די טעג און די נעכט זיינען איינס דאָרט,
און ס׳לעבן — אַ בלוי־ווייסער חלום.

די בוימער — גיגאַנטן! זיי גרייכן
צום הימל, און אפשר נאָך העכער . . .
איז דאָ און דאָרט טאַקע דער הימל —
אַ רעשעטע — דורכאויס מיט לעכער.

און ס׳ליכט, וואָס איז איבערן הימל,
שפּאַרט דורך זיך די לעכער, און ס׳ווערן
די גאָלדענע פייערלעך אויבן,
וואָס דו און וואָס איך רופן שטערן . . .

דערפאַר איז אַ־יעטוועדער בוים זיך —
באמת אַ זעלטענער וואונדער! —
אַ גאָרטן פון כלערליי פּירות,
אַ גאָלדענער סאָד זיך באַזונדער . . .

אויף איין בוים קאָן וואַקסן, סיי עפּל,
סיי באַרן, סיי ניס, סיי קאַשטאַנעס;
מאַראַנצן און קאַרשן און פלוימען;
אפילו קישמיש, מאַרציפּאַנעס!

דעריבער איז גאָרניט קיין חידוש
די וואָלקנס, די פינסטערע, וואָרעם —
ס׳ווערט אומעטיק זיי און זיי טוען
אַ הוליע — און דאָס איז דער שטורעם . . .

עס דונערט מיט עפּל און באַרן,
עס רעגנט מיט קאַרשן פון הימל;
מיט שלאָף־עפּעלעך פאַר מיין שיינעם,
און וויינטרויבן זיס ווי דער דרימל . . .

איצט, לאָז אָפּ די הערנערלעך, מעני:
מיר זיינען אַרויס פון סכנה.
מיר זיינען, אַ דאַנק גאָט, אַריבער
דעם קרייז, וואָס אַרום דער לבנה . . .

א־ה־א! . . . דיינע אייגעלעך בלינצלען.
עס כמאַרען ביי דיר זיך די וויעס.
הער אויף מיט דעם שלאָף זיך צו באַרען,
לייען „קרישמע” און מאַך ניט קיין שהיות . . .

גיב נאָך . . . לאָז אַרונטער די וויעס,
מיין שיינער, בלוי־אויגיקער חכם.
אַ פלאַטערל ביסטו . . . אַ חלום . . .
אַ מלאכל צווישן מלאכים . . .

## מ אַ נ ה ע ט ן

עס ציטערט איבער מיר אַ טויבן־שטילע איר־לבנה.
און שטערן — זאַנגען גאָלדענע — אין די מיליאָסן!
ווי בינען גלימערן די שויבן . . . און די נאַכט־פּאָנאַרן,
ווי ביישן פּערל, הענגען אויף די העלזער פון די גאַסן.

אָ, זיי מיר מוחל, שטאָט פון שטיין און שטאָל און אייזן,
פאַר מיינע ברוגזע פאַראיבלען און פאַר׳עקשנטע קאַפּריזן.
איך זע דיך היינט ווי אַ קאָמעט, וואָס האָט זיך פלוצים,
אין בלויקייט פון דער נאַכט, צום ערשטן מאָל באַוויזן.

איך שטיי פאַר דיר ווי פאַר אַ וואונדערלעכן חלום,
און זוך דעם פּתרון און איך קאָן אים ניט געפינען:
וואוהין איז מיר דער טאָג מיט אַלע זיינע סילועטן,
צעקרומטע קאַרליק־שאָטנס, טונקעלע, אַנטרינען?

כ׳האָב ערשט, בעת די זון איז נאָר וואָס אויסגעגאַנגען,
דערהערט אַ פרייד־געוויין פון צווישן דיינע שטיינער:
— די נאַכט טוט אונדז פאַרוועבן אין אַ נעץ פון שטערן!
און דו — ביסט אויך אַ שטיין, ווי מיר...ווי י ע ד ע ר א י י נ ע ר!

איצט, זע! . . . די הימלקראַצערס טורעמען צעשטראַלטע —
אַ ליכט־מיראַזש פון אַ געדאַכטער וועלט, אַ ווייטער,
גייט אויף, אין כל־המינים שטראַלונגען — מ אַ נ ה ע ט ן! —
אַ פעניקס־פויגל, אויסן שייטער־פייער, אַ באַנייטער!

זיי מוחל מיר, אָ, שטאָט פון שטיין און שטאָל און אייזן!
פאַרוואָס איך האָב מיט שטירדע־טראָט דיין שטיין געטראָטן;
וואָס כ׳האָב מיין אומרו צווישן דיינע ווענט געכאָוועט,
און ענג געמאַכט די גאַסן דיינע מיט מיין כמורנעם שאָטן . . .

צי בין איך שולדיק? . . . וואָר! איך האָב דיין שטיין געשפּאָלטן.
נאָר, ביז איך האָב דערטראָגן אים צום העכסטן גאָרן,
האָט ס׳האַרץ אין מיר נישט אויפגעהערט צו קלאַפּן, קלאַפּן . . .
און איך — צוגלייך מיט אַלע שטיינער — בין אַ שטיין געוואָרן.

אַ שטומער שטיין. דאָך הער איך ווי עס וויקלען זיך די ווינטן,
ווי תליה־שטריק אַרום דעם האַלז־און־נאַקן פון דעם טורעם.
איך זע: ווי אויף אַ וואָלקן־פערד מיט פייערדיקע טלויען,
אין בליצן־לייצעס, גאַלאָפּירט אַריבער מיר דער שטורעם . . .

אַ חלום בלויז! . . . איך זע: ביים מזרח־ראַנד שאַריעט.
עס פלאַמט פאַנאַנדער זיך דער טאָג — אַ ברענענדיקער שייטער.
אָ, גאָט! איז מיר באַשערט צו זיין דער וואונדערלעכער פעניקס,
וואָס הייבט זיך אויף פון אַש געלייטערט — אַ באַנייטער?

* * *

בראָך־טאָג. אין האַפן וואַיעט זיך אַ פרעמדע שיף פאַנאַנדער.
ביים ברעג פון האָדסאָן טייך פאַרגייט זיך וואָלפיש אַ סירענע.
דער כישוף טוט זיך אָפּ. פון הינטער זשאַווער־ברוינע נעפּלען
טויכט אויף די שטאָט — אַ סילועט פון אַ פאַרהונגערטער היענע . . .

# אַ לאַמטערן אין שניי

ווער איז דער מענטש, וואָס שפּאַנט ביינאַכט
אין שניי מיט אַ לאַמטערן?
וואָס זוכט ער עס אין ווייסן בלענד?
בריליאַנטן? רענדלעך? שטערן?

איך ווייס ניט ווער און וואָס ער איז —
אַ מענטש, אַ מת, אַ שאָטן?
איך ווייס נאָר איינס: ער האָט אין שניי
אַ סטעזשקע אויסגעטראָטן.

איך ווייס ניט וואָס ער זוכט אין שניי.
מיך אַרט ניט זיין כוונה.
איך ווייס נאָר, וואו ער שטעלט אַ טראָט
צעלויכט זיך אַ לבנה;

אַ מאַטער ליכט־ראָד אויפן שניי,
אַ ציפּערבלאַט אָן ווייזער;
אַ בלייכער, דינער שימער־שיין
אויף דרעמלענדיקע הייזער.

עס אַרט מיך ניט וואוהין ער גייט,
ביינאַכט מיט זיין לאַמטערן.
איך ווייס נאָר איינס: קוים ווערט ער ניט,
וועט אומעטיק מיר ווערן . . .

# ראַפּסאָדיע אין גרין

איך ליג אויף מיין געלעגער
האַלב דרעמלענדיק, האַלב וואַך.
עס זינגט דער רעגן לידער
צו מיר און צו מיין דאַך.

עס גרינט דאָס גראָז, די ווערבע;
די אָזערע, דער סכך;
די שויבן פון מיין פענסטער;
די שינדלען אויף מיין דאַך.

פון קוימען קנוילט דער רויך זיך
צעפּאַטלט אין דער נאַכט —
אַ סטייע פּאָפּוגאַיעס —
גרין־גרויע — אויף מיין דאַך.

נאָך יעדן בליץ אין וואָלקן,
נאָך יעדן דונער־קראַך —
אַן אַרבעס־גרין געלעכטער
צעשיט זיך אויף מיין דאַך.

עס לאַכט אַ גרין געלעכטער
איעדער מינדסטע זאַך:
די יאַשטשערקע, די זשאַבע,
דער קוימען אויף מיין דאַך;

דאָס דינע גאָרטן־שלענגל,
וואָס חלפ׳ט דורך דעם שליאַך;
דאָס וואָלקנדל, וואָס שלייכט זיך
פאַרביי מיין שינדל־דאַך.

איך ליג אויף מיין געלעגער,
האַלב דרעמלענדיק, האַלב וואַך,
און הער זיך איין ווי ס׳פּלאַטערט
דער חלום אויף מיין דאַך —

אַ גאָלדיק־גרינער חלום.
איך בעט ניט, גאָט, קיין סך:
זאָל ער זיין נעסט געפינען
אין אַ ווינקל פון מיין דאַך . . .

# דאָס טעלערל פון הימל

— וואָס וויינט דאָס בלאָנדע ייִנגעלע
אין וויגל ערב דרימל?
ס'האָט מורא פאַר דעם שלאָף . . . און גאַרט
דאָס טעלערל פון הימל.

דאָס ייִנגעלע וועט וויינען, און
צום סוף — אַנשלאָפן ווערן,
און חלומען: אין הימל הענגט
אַ טעלערל מיט שטערן . . .

נאָר איך, וואָס ווייס דעם טעם פון טרער,
פאַרנעם דעם עכאָ־ציטער
פון קינדס געוויין, און ווייס: די טרייסט —
די טרער — איז ביטער, ביטער!

און כאָטש עס צוקט נאָך אויף מיין ליפּ
דעם מלאכס שכחה־צייכן,
געדענק איך אַלץ נאָך, און איך גאַר
דאָס טעלערל . . . דערגרייכן . . .

עס שלאָפט דאָס בלאָנדע ייִנגעלע.
פון מיר נאָר ווייכט דער דרימל.
אין פענסטער — די לבנה ווינקט:
דאָס טעלערל פון הימל . . .

# וויג־ליד

מיין אייניקל לינדא

דער אָוונט הענגט אויף דיינע שויבן —
געדיכטע הענגלען בלויע טרויבן.

גאָטס האַנט וואָס איז אויף אַלץ משפּיע
האָט פֿאַר דיין פענסטערל די זריעה
פאַרזייט . . . און האָט פונדיינעטוועגן
געזיפּט דעם טוי, געשפּרייט דעם רעגן
און אויפגעקנופּט די ערשטע בליטן —
ער האָט געפלאַנצט און ער וועט היטן . . .

פאַרטאָג, אַז דו וועסט טאָן אַן עפן
די אייגעלעך, וועסטו שוין טרעפן
ביי דיר אין פענסטערל, צוקאָפּנס
דעם ווײַן פון טאָג — גאָלד־בלויע טראָפּנס.

און איך וועל שטיין דאָ ביי דיין פענסטער —
פון אַלע זיידעלעך דער קלענסטער;
דער ווייסטער פון די ווייסטע טויבן;
דער דינסטער, שטילסטער פרילינג־רעגן,
און שטילער, דינער דיך נאָך פרעגן:

מיין מלאכל! ביסט גוט געשלאָפן?
און דו וועסט ענטפערן:
בורא פרי הגפן!
און ווי דער ווייסער מאָרגנשטערן
וועל איך פאַרשמייכלען . . . און ניט ווערן.

# שלאָף

מיט שלאָף־זאַמד פולע אויגן.
ביים קוואַל דעם קאָפּ געבויגן.

עס קוועלט אַרויס דער דרימל
פון קוואַל — אַ קוים־געווימל —
און שווימט פאַרביי מיין אויער,
אַ דינער־דינער טרויער . . .

אַ קניילכל בלויער נעפּל.
אינמיט — אַ גרינער שטערן:
אַ פלאַטער און אַ ציטער.
עס מינעט זיך דער פליטער —
אַ שימער פון אַ זעגל . . .
אַ דינער שאָטן־שפליטער
ביים נאַכט־ווינט אויף די נעגל.

איך וואַרט אויף שטילסטער שטילקייט,
אויף קילער . . . קילסטער קילקייט.

וואָס שטילער עס וועט ווערן,
אַלץ טיפער וועל איך הערן,
און וואָס קען זיין נאָך שטילער,
ווי ס׳ליכט פון ווייסע שטערן?

# כל זמן

די זון גייט אויף, די זון פאַרגייט.
כ׳האָב גאָרנישט ניט פאַרלוירן.
מיט יעדן אויפגאַנג פון דעם טאָג
ווער איך פונסניי געבוירן.

דער מזרח האָט זיין גאָלד און רויט,
דער מערב — זיינע פאַרבן.
אַמאָל איז שענער דער קאַיאָר,
אַמאָל דאָס שקיעה־שטאַרבן.

אין ווינטער זיינען קורץ די טעג,
דערפאַר די נעכט די ווייסע!
אַזוי ווי „טויזנט־און־איין־נאַכט״ —
אַ שיינע צויבער־מעשה!

מיין אָרעם הויז — אַ צויבער־שלאָס,
כמעט ווי קיניג שלמה׳ס.
ווי ער, פאַרמאָג איך אַ האַרעם
פון לידער און חלומות . . .

דער זומער־טאָג איז לאַנג. די נאַכט —
קלעקט קוים מיר פאַר אַ חלום.
דערפאַר האַלט גאָט מיין זעל ניט לאַנג
און קערט זי מיר בשלום

צוריק, ווי ער האָט פאַרן שלאָף
ביי מיר זי צוגענומען —
מיט אַלע שטערן, אין דער נאַכט,
גאָטס הימלען אויסגעשוואומען . . .

און ווען די זון, ביים מזרח־ראַנד,
באַגינען טוט אַ זשאַרע,
בין איך שוין ווידער מיט דער וועלט —
איר טוי, איר ליכט, איר כמאַרע.

# דער איבעריקער מענטש

אַ רוישיק־רעש׳עדיקע גאַס
אין סאַמע האַרץ פון רוישיק־רעש׳עדיקער שטאָט.
און אויף דער גאַס שפּאַצירט אַ מענטש
געמיטלעך, רואיק, קאַלט,
מיט אַ געמאָסטענעם און ניט געאײַלטן טראָט.

דער מענטש שפּאַצירט,
ווי ער וואָלט אויף דער גאַנצער וועלט געווען —
דער לעצטער — אײנציק און אַליין . . .
דער מענטשן־דראַנג אַרום אים קאָכט און זידט,
ווי אַ געוויטער, נאָך אַ וואָלקן־ברוך,
אַראָפּ אַ באַרג:
אַ יאָגנדיקער שטראָם, וואָס שלאָגט זיך אָפּ
אין אַ פּאַר׳עקשנטן, ברייט־פּלייצעדיקן שטיין.

און ווי דאָס לויפנדיקע וואַסער
צאָרנט קעגן שטיין, וואָס שטעלט זיך אים אין וועג,
זידט צאָרנדיק דער כעס פון אײַלנדיקן מענטשן־שטראָם,
וואָס רײַסט זיך דורך דער רוישנדיקסטער גאַס פון שטאָט,
אויף אים, דעם מענטש, וואָס שפּאַנט
געמיטלעך, רואיק, קאַלט,
מיט אַ געמאָסטענעם און ניט געאײַלטן טראָט,
ווי ער וואָלט זײַן דער לעצטער אויף דער וועלט;
דער לעצטער — אײנציק און אַליין.
אַ מענטש — אַ שטיין.

# שמאַטעס

כ׳פאַרמאָג אַ שטיבעלע פון ליים,
אַ שטרויענעם דאַך מיט לאַטעס;
אַ קעלער פול מיט ברוכוואַרג, און
אַ בוידעם פול מיט שמאַטעס.

פון טוכלען קעלער קוקט אַרויס
צום כמאַרנעם דרויסן, אויבן,
אַן איינאונאיינציק פענסטערל
מיט שפינוועבס אנשטאט שויבן.

אַנטקעגן בלינדן פענסטערל —
אַ ברודיקער לאַמטערן.
אין נעכט, אין קלאָרע, חלומט ער,
אַז ער איז אויך אַ שטערן.

אין טעמנער־שטילער בענקעניש
צעזשמוערט זיך דאָס קנייטל.
די גרויע שפינוועב־שייבעלעך
זיך טוען קוים אַ רויטל . . .

און אָפט, אינמיטן נאַכט, בשעת
אינדרויסן גייט אַ רעגן,
דערהער איך אויפן בוידעם, ווי
די שמאַטעס זיך באַוועגן.

איך זע אין שלאָף, ווי דורך אַ זיפּ,
פון ווינקל דאַך באַהאַלטן,
צעוויקלט זיך אַ קאַראַהאָד
פאַרנעפּלטע געשטאַלטן.

זיי דרייען זיך, צעווייען זיך
אין פלאַטערנדיקע שאָטנס —
קאַפּאָטעס, טאָרבעס, ספּאָדניצעס,
סערמיענגעס, טלית־קטנס.

אַ כלה־שלייער, דין געוועבט,
פון זילבער־גרויע שפּינען,
צעכוואַליעט זיך. אַ חופּה־קלייד
צעפּעכערט זיך, נעמט מינען . . .

אַנטקעגן טאַנצט דער גרויער ווינט,
צעלאָזן ברייט די פּאָלעס.
אין רעגן וויינט די הינטער־גאַס —
די נאַכט „גיט אויס" דעם דלות . . .

# אַ תפילה פון אַן עגאָאיסט

ניט שטראָף מיך, גאָט, פאַר מיינע רייד. זיי מוחל מיר, אפילו
ווען איך בין עובר דיין געבאָט פון „ואהבת" אין מיין תפילה.
אָ, העלף מיר, גאָט פון רחמים, העלף: אַז איך מיט מיינע שכנים
זאָלן בלייבן אָרעם ווי געווען, אַבי — אַבי אינאיינעם . . .

דערלאָז ניט דאָס עשירות זאָל, חלילה, אונדז צעשיידן.
איך פיל זיך אין מיין אָרעמשאַפט, ווי אדם אין גן־עדן.
איך האָב מיין שכן אמת האָלט, מיין חבר — איז מיר טייער!
כ'האָב ליב זיין פשוט הויז, זיין טיש, זיין וויגשטול לעבן פייער.

זיין טיי איז הייס, זיין ברויט — געשמאַק; זיין קעז האָט אלע טעמ'ען.
זיין וואָרט איז וואַרעם, פשוט, פּראָסט, ווי ליבשאַפט פון אַ מאַמען.
אָ, גאָט! צעשטער נישט אונדזער נעסט, און לאָז אונדז דאָ אין שלמות,
ווי ליבעס־פויגלען, זייט ביי זייט, זיך חלומען חלומות.

און זיי, וואָס בלאָנדזשען דאָ אַרום מיט דורשטיקע מחשבות
פון וועגן יחוס און נישט־דאָגעדאַכטיקטע זכות אבות,
זיי לאָז נישט בויען אין די בערג לאַמטערנדיקע דירות,
אַז איך זאָל זיי מקנא זיין דאָס רחבות און עשירות.

דאָס גלעקל ביי דער טיר פון גביר, וועקט אויף אין מיין מחשבה
דאָס בילד: עס שטייט אַן אָרעמאַן און וואַרט אויף אַ נדבה.
כ'האָב פיינט די דינסט אין וויסן שירץ, וואָס טוט די טיר אַן עפן,
און פירט דיך ווי אַ בלינדן דזשאַד, וואָס קען דעם וועג ניט טרעפן . . .

דער שטול איז ווייך, די טאַס בלאַנקט ראָז, אין ליכט פון דער לבנה —
אַ קליינטשיקע כינעזערין, אין אַ גאָלדענער קימאָנע,
זיך הוידעט פון דער טיי אַרויס, פאַרוויקלט אין דער פּאַרע —
נאָר מיר איז אומעטיק אַזוי! מיין האַרץ איז האַרבסט און כמאַרע.

מען רעדט . . . אַראָפּגעלאָזט צום דיל די אויגן, ווי פאַרשעמטע . . .
אָ, גאָט מיין האַר! וואָס טו איך דאָ, אַ פרעמדער צווישן פרעמדע?
איך בין דיר מוחל כבוד, רום, עשירות, יחוס — אַלעס!
ס'איז ניחא'ר מיר מיין אָרעמשאַפט — אין שכנות מיטן דלות!

# דו וועסט ניט קענען שלאָפן

אויב ס׳איז נאָך וועטשערע געבליבן דיר אַ פּעניץ ברויט אין קיך;
אַ לעפל וואַרעמע געקעכץ, איז קלאָר דערפון געדרונגען,
אַז ערגעץ בלאַנקעט זיך אַרום, ביי דיר אין גאַס, אַן אָרעמאַן,
וואָס גוסס׳ט שטילערהייד, גייט ממש אויס פון הונגער.

און אַז אויף דיין געלעגער ליגט אַ פּערענע פון ווייכן פוך,
אַ דעק, אַ וואָלענע, אויף אונטערשלאַק פון אַטלעס,
איז קלאָר, אַז ערגעץ פרירט אַ בלודנער מענטש ביי דיר אין גאַס,
אַ בעטלער איינגעהילט אין ווייענדיקע שמאַטעס . . .

און אַז דיין קאַץ איז זאַט, און אונטער שטאַלן שטייט נאָך מילך,
וואָס זי האָט, נעבעך, ניט געקענט שוין מער פאַרצערן,
ווערסטו ביינאַכט שוין הערן, ווי עס וויינט דעם שכנס קינד . . .
ס׳איז הונגעריק און קען דעריבער ניט אַנשלאָפן ווערן.

דו האָסט געבענטשט, און — האָסט געלעסטערט גאָט, פאַרשעמט, פאַרשוועכט
דעם לעצטן ביסן ברויט ביי דיר אונטערן גומען . . .
די מים אחרונים, וואָס דו האָסט פאַרשווענדט — דער קילער טרונק,
וואָס דו האָסט ביים דורשטיקן פון מויל אָוועקגענומען!

דו וועסט ניט קענען רוען, מחמת דו וועסט הערן אין דיין שלאָף,
ווי ס׳זיפצן אויף דער וואַנט די שאָטנס דיר צוקאָפּנס;
ווי די רגעס טריפן פון די זייגער־ווייזערס אויפן ציפערבלאַט,
ווי אין די חשונדיקע נעכט פון דאַך די רעגנטראָפּנס . . .

וועסט הערן, ווי דער הונט, דער הונגעריקער, וואָיעט אויפן מיסט,
און ווי די קראָ, די שוואַרצע, אויפן קוימען קראַקעט:
— דו האָסט געלאָזט דעם הונגעריקן הונגערן ביי דיר אין גאַס,
דעם בעטלער, אין די ווינטערדיקע נעכט, אַרומגיין נאַקעט!

# דורך אַלע דײַנע הויטן זעט מײַן אויג

פון זינט איך קאָן אים האָט ער נאָך
מײַן טיר ניט אויסגעמיטן.
עס בײַט זיך מענטש און וועלט, נאָר ער —
קיין האָר זיך ניט געביטן.

זײַן באָרד — לבנה־ווײַס, זײַן האַנט —
אַן אויפגעדרייטער דאָרן.
ווי אַלט ער איז? עס דאַכט זיך מיר —
שוין מתושלחס יאָרן!

זײַן פּנים — כמורנע ווי דער ים.
די ליפּן — שטום, פאַרזיגלט.
די אויגן צו דער ערד, ווי ער
וואָלט זיך אין איר געשפּיגלט . . .

כ׳דערפיל בחוש זײַן קלאַפּ אין טיר —
נאָך אײדער איך דערהער אים:
— איך האָב די גאַנצע וועלט, און ד י ך
אַרײַנגעלייגט אין חרם!

מיר דאַכט זיך אָפּט, בשעת כ׳דערלאַנג
אין האַנט אים די נדבה,
אַז כ׳הער דורך זײַנע נעגל, ווי
עס זידט אין זײַן מחשבה

די שנאה צו דער גאַנצער וועלט;
זײַן חשד אויף גאָט און מענטשן;
זײַן כעס צו זיך אַליין, פאַרוואָס
ער האָט ניט וואָס צו בענטשן . . .

און שטעלט ער אָן אויף דיר זײַן בליק —
לפּנים דיר באַדאַנקען —
דערשפּירסטו ווי ער לייענט בײַ דיר
אין האַרצן די געדאַנקען.

אַנומעלטן האָב איך דערלאַנגט
דעם אַלטן חסר־דעה,
אנשטאט אַ פּרוטה, וואָס אים קומט,
אַ זילבערנע מטבע,

האָט ער אַ צי געטאָן די האַנט,
אַ הייב געטאָן די ברעמען:
— דו ווילסט מיך שטעלן צום נסיון . . .
לא־יחרץ געלט דיר נעמען!

כדי כ׳זאָל ווערן דיין בעל־חוב,
די מעשים דיינע לויבן —
איך האָב אַליין מיין טראַנטע־קלייד
פון סמעטניק אויפגעהויבן!

מיין לייוונטענע טאָרבע — שוואַרץ
אַזוי ווי מיינע נעגל —
קען זיין זי שטאַמט פון יחוס גראד —
געווען אַמאָל אַ זעגל!

מיין שטעקן — אים האָט גאָט אַליין
פאַרגרייט פון מיינעטוועגן:
— גיי פיר אים אין אַ פרעמדער וועלט
דורך נעפּל, ווינט און רעגן!

ער טוט אין ווינט אַריין אַ שפּיי,
דערלאַנגט אַ הייב דעם שטעקן:
— דורך אַלע דיינע הויטן זעט
מיין אויג אין דיר די פלעקן...

נאָר איידער איך האָב צייט געהאַט
אַ וואָרט אַרויסצורײדן,
האָט זיך אַ כמאַרע אָנגערוקט
און אונדז פאַרשאָטנט ביידן.

און אַז מיין אויג האָט זיך מיט אים
ביים ענדע גאַס געזעגנט,
האָט איבער אים געבייטשט דער בליץ . . .
אַרום אים האָט גערעגנט . . .

# דער האַקן

אַז ער האָט זיך אַריינגעקליבן דאָ אין הויז
האָט ער געטראָפן שוין אין ברודיקן סופיט
דעם שווערן, רויט־פאַרראָסטן קרוק אַריינגעדרייט —
ער וועקט אַן אומרו עפּעס טיף אין זיין געמיט . . .

ער פּרואווט זיך אים פאַרענטפערן: — אומזיסט
האָט מען אים דאָ דאָך ניט אַריינגעשרויפט —
ווער מאָרגן קויפן אים אַ הענג־לאָמפּ אין לאמבאַרד.
נאַר, מאָרגן האָט ער זיך — אַ ליטער וויין געקויפט.

האַלב נאַכט. עס בלייכט זיך די לבנה מאַט.
אין שאָטן פון סופיט — אַ דינער שימער־ראָד:
דערמאָנט אַ ברענענדיקן לאָמפּ וואָס צאַנקט —
אַ רמז . . . אַ פאַרבלענדעניש . . . אַ סוד . . .

אין מאַטן ליכט פון דער לבנה בלאָנדזשעט שטאַר
זיין בליק אַרום דער ליידיק־קאַלטער פלאַש.
אַ גלאָז, אַ טריב־פאַרטרערטע, שמייכלט מיד
צום דינעם שאָטן פון אַ רויכיקן ציגאַר אין אַש,

וואָס ציט זיך ווי אַ פּראָפּנציער אויף דער וואַנט,
און רייצט זיך עפּעס מיט זיין בלאָנדזשענדיקן בליק.
אים דאַכט זיך אַז דאָס דינע שאָטנדל ציגאַרן־רויך
דערמאָנט אים עפּעס . . . איז מרמז אויף אַ שטריק . . .

ער שלומערט איין פאַרטייעט, און אים חלומט זיך,
אַז ער אַליין, דער נאַר, דער טעמפּער גלאָמפּ
איז דער לבנה־שאָטן אויפן ברודיקן סופיט —
דער מאַטער שימער־קרייז פון צאַנקענדיקן לאָמפּ . . .

# אין שאָטן פון דער תליה

ער האָט די לעצטע שעה מיט ביידע הענט אַרומגענומען,
ווי אַ שיכור אויפן ראָג, ביינאַכט, אַ גאַס־לאַמטערן,
און אין בלינדן נאַכט־טומאַן אַריינגעשוואומען —
צווישן כמאַרעס האַרבסטיקע — אַ צאַנקענדיקער שטערן.

אים דוכט: ער איז אַ זעגל וואָס דער ים האָט אָפּגעריסן
פון ברעג, און טראָגט אים איבער טורעמדיקע וועלן.
ער ענגט מיט ציין און נעגל אינם מאַסט אַריינגעביסן.
ער הינקט, ער זינקט, ער פאַלט . . . ער פּרוּווט זיך שטעלן — — —

אין שטורעם ווירבלען אינזלען, פעלזן, האָפנס, ברעגן,
און הוזשען מיט אַ סווישטשעריי פאַרביי זיין אויער,
ווי אין דעם וואַלד די בלעטער אין אַ חשונ'דיקן רעגן —
דאָס לעצטע וואַלד געזאַנג — דאָס ליד פון האַרבסט און טרויער.

עס פלאַטערן אין ווינט די לעצטע קריעה־ריס פון זעגל.
דער מאַסט, אַ נאַקעטער, בלייבט שטיין — פ אַ ר ע נ ד י ק ט  ד י  נ ס י ע ה !
און ער — אין מאַסט אַריינגעביסן זיך מיט בלוטנדיקע נעגל —
אַ שטייף־פאַרשטאַרט שטיק חומר אויף אַ וואַקלענדיקער תליה.

אַדורך די זשאַוווער־ברוינע גראַטעס גרויט אַריין דאָס טאָגן.
אין טויבן חלל — ווי אין האַרבסט אַ קראַנקע פליג, אַ מידע,
פאַרטייעט אויף אַ שויב — פאַרגייט אין גסיסהדיקן קלאָגן,
וויינט שטיל, תחנונים'דיק די לעצטע זילב פון ווידוי.



# וועגן אַ מענטשן וואָס האַלט ביים בלינד ווערן

ער טראָגט זיין טרויער ווי אַ סוד,
אַנטפּלעקט אים ניט פאַר קיינעם.
דאָך קוקט אים נאָך די גאַס מיט חשד,
און ס׳שושקען זיך די שכנים:

— מען זעט אים זעלטן ווען אין גאַס
שוין ווייס איך וויפל וואָכן.
און גייט ער שוין די גאַס פאַרביי,
דערקענט ער ניט קיין שכן.

— זיין טראָט איז לעצטנס שטאַמלדיק . . .
אָט ווי ער וואָלט זיך שרעקן.
ער טראָגט משמעות מחמת דעם,
בעת ער גייט אין גאַס, אַ שטעקן . . .

— די לעצטע טעג באַווייזט ער זיך
אינגאַנצן ניט אין דרויסן. —
די שכנים קוקן אויף זיין טיר,
און הייבן אָן זיך שטויסן . . .

— ער שעמט זיך . . . און באַהאַלט זיך אויס.
איז ניט ביים קלאָרן שכל.
גיט אָפּט אַ רוק, אַ קנייטש אַ ברעם,
און טוט אַ פריקרע שמייכל . . .

— ער זיצט ביים פענסטער גאַנצע נעכט
און גלאצט אויף דער לבנה,
מיט אויגן טריבע, ווי ער וואָלט
געווען — אַ מין איקאָנע . . .

און ער — ביים פענסטער זיצט און נאָגט
זיין ליולקע . . . קנוילט אין קנוילן
דעם רויך, ווי ער וואָלט הינטער זיי
געפּרואווט זיין סוד פאַרהוילן . . .

# המשך

### א.

געזאַלבט האָט גאָט מיך פֿאַר זיין קנעכט:
— זאָלסט פרום און טריי מיר דינען!
דאָ האָסטו פלאַקס, דאָ האָסטו וואָל.
די עובדא דיינע? — שפּינען!

איך שפּין און שפּין . . . די טעג, די נעכט —
ווי רויך אין ווינט פאַרשוועבן.
— פאַר וועמען שפּין איך, גאָט?! — פאַר אים,
וואָס וועט דאָס לייוונט וועבן . . .

### ב.

ער וועבט און וועבט . . . די מידקייט וויינט
פון אונטער זיינע נעגל:
— וואָס וועב איך, גאָט?! אַ חופה־קלייד?
תכריכים, צי אַ זעגל? — — —

די וועבשטול קרעכצט, דאָס שיפל זיפצט:
— אָ, זיי געטרייסט, בן־אדם!
אַנטפּלעקן וועט דיר גאָט דעם סוד —
ביים סוף פון לעצטן פאָדעם . . .

## „האָב ליב דיין שכן״ — — —

(אויף אַ בילדער אויסשטעלונג)

ער האָט אים אָנגעטאָן אַ העמד,
דעם קאַניבאַל דעם שוואַרצן,
און אויפגעהאַנגען, פּרעפּלענדיק,
אַ צלם אויפן האַרצן.

ער וויזט אים ווי מען קניט, און ווי
מען צלמט אויס אַ צלם.
געפעלט עס אים . . . און ס׳שמייכלט אויף
די ליפּ ביים שוואַרצן גולם.

— „האָב ליב דיין שכן ווי זיך אַליין!״ —
האָט גאָט דער האַר געשפּראָכן.
דער שוואַרצער הערט . . . ער קלערט, און שווערט:
— ד ע ר פּ אַ ד ר ע  א י ז  מ יי ן  ש כ ן!

ער היט דעם פּאַדרעס ווייסע הענט
בשעת ער קניט און פּרעפּלט:
זיי זיינען וואַרעם, ווייך און ראָז
אַזוי ווי רייפע עפּל . . .

* * *

די זון פאַרגייט. דער מערב גליט
אין כל־המינים פאַרבן.
דער דזשאָנגל אָטעמט פאַרנע־הייס
און תאווה׳דיק — ביז שטאַרבן!

די טונקלע וואַלד־באַהאַרטע בערג
צעפלעקן זיך אין שאָטנס . . .
די ערד, זי שמעקט מיט נאַכט און רויך;
מיט בלוט און לייב געבראָטנס . . .

אַ שייטער ברענט — דעם פֿאַדרעס הענט —
אין פלאַם — אַ פייער־צלם.
דער שוואַרצער קניט און צלמט זיך,
און ס׳וויינט . . . דער דזשאַנגל־גולם!

* * *

דאָס בילד געמאָלן האָט אַ נאַר
אין בולט־בונטע פאַרבן.
דער נאַר איז טויט צוויי טויזנט יאָר.
דאָס בילד זיינס — וויל ניט שטאַרבן!

# דער לעצטער פון די אַפּאָקאַליפּטישע רייטער

(אַ זעאונג)

אַ נאַקעטער הימל. אַ באָרוועסע ערד.
פיר פינסטערע רייטערס אויף שניי־ווייסע פערד.
(ווען ניט וואָס די פערד זיינען ווייס ווי דער שניי,
וואָלט איך ניט באַמערקט גאָר די רייטערס אויף זיי . . .)

זיי רייטן אויף רעכטס, און זיי רייטן אויף לינקס.
זיי רייטן באַנאַנד — אַ פיר־קעפּיקער ספינקס . . .
זיי רייטן באַזונדער, זיי רייטן געפּאָרט.
זיי רייטן, און ס׳דוכט זיך — זיי שטייען אויף אַן אָרט.

איך מאַך צו די לאָדן, פאַררייגל די טיר.
דורכזיכטיק ווערט אָבער דער דאַך איבער מיר!
דורכזיכטיק די ווינקלען פון מיינע פיר ווענט;
דורכזיכטיק, די קנאכן פון מיינע צוויי הענט;

דורכזיכטיק מיין גוף ביז דער זיבעטער ריפּ . . .
דורכזיכטיק דער הימל אַזוי ווי אַ זיפּ;
דורכזיכטיק אפילו — די נאַכט און די ערד!
איך צייל מיינע רייטערס: פיר רייטערס, פיר פערד.

נאָר פּלוצים, און ס׳קנוילט זיך אַרויס פון טומאַן
אַ וואָלקן אַזוי ווי אַ שניי־ווייסער שוואַן.
ער שווימט און ער שווימט און ער שווימט זיי פאַרביי —
אַ רייטער פאַרשוואונדן! — פאַרבליבן בלויז דריי.

דריי רייטערס, דריי רייט־פערד, ווי בלענד־ווייסער שניי —
אַ צווייטער ווערט נעלם. עס בלייבן נאָר צוויי.
צוויי רייטערס, צוויי רייטערס — אַ דריטער פאַרשווינדט —
עס טראָגט זיך אַן איינזאַמער רייטער אין ווינט.

עס טריפן די טלויען, ווי וואַקס אויפן פלאַם.
די גריווע צעשוימט, ווי אַ כוואַליע אין ים.
די אויגן — חלפים, די נאָזלעכער — רויט.
ווער איז ער, דער איינזאַמער רייטער? דער ט ו י ט !

ער רייט, און ער רייט, און ער רייט — — —

# דער וואָלף־מענטש

דו האָסט מיר דאָס הויז מײנס פאַרוויסט,
און אַלץ וואָס איז הײליק און טײער,
געלעסטערט, געשענדט און צום סוף —
אַוועקגעלאָזט אַלץ מיט דעם פײער.

און איך בין פון אונטער גאָטס אויג
צום פינסטערן נאַכט־וואַלד אַנטרונען.
דאָס ביטערע גראָז ווערט מײן שפּײז,
די זומפּיקע לוזשע — מײן ברונען.

פאַרשאָלטן איז דער וואָס איז זיך
מיט האַס און נקמה מתיחד;
וואָס פינסטערניש ווערט זײן געווער,
זײן שוץ און זײן פעסטונג — דער פחד.

דער טאָג גיסט זיך אויף מיט דער נאַכט,
די נאַכט — מיטן נאַקעטן הימל.
איך טו אויס די וואָלפישע פעל,
און בלאָנדזשע אַזוי ווי אין דרימל,

אַ נאַכטוואַנדלער נאַקעט און בלינד,
און שטום, ווי אין מדבר דער דאָרן:
אַן אײנציקע נאַכט בלויז געווען
אַ וואָלף און בין ניזוק געוואָרן . . .

דאָס אויג מײנס פאַרטראָגט ניט גאָטס ליכט,
מײן האַרץ — ניט מסוגל צו בענטשן.
איך לעב צווישן אײך דאָ — אַ וואָלף,
וואָס גײט אום פאַרשטעלט פאַר אַ מענטשן . . .

מײן האַרץ איז פון שנאה פאַרברענט,
מײן מאַרך — פון נקמה צעפרעסן.
אָ, העלף מיר, אָ, העלף מיר שוין, גאָט!
דערמאָנען זיך ווי צו פאַרגעסן!

# דער לעצטער שאָטן

אָפּט פֿאַלט מיך פּלוצים אָן אַ פֿינסטערער שגעון,
וואָס רייסט מיך אָפּ אינמיטן נאַכט פֿון מיין געלעגער
און טראָגט מיך דורך לבֿנהדיקע וויסטע שעהן —
אַ בלודנער הירש געיאָגט פֿון מאָרד־גערייצטע יעגער.

איך ווייס אַז וועלטן זיינען אָקאָרשט אומגעקומען:
אַז הימלען ליגן פֿון דעם שטורעמווינט צעטראָטן.
פֿון הינטער מיר — די ערד אין רויך אַוועקגעשוואומען.
איך איינער נאָר בין דאָ — אַ לעצטער בלייכער שאָטן.

און ווידער איז אַרום מיר פֿינסטער, וויסט און ליידיק.
און איך — דער נע־ונד׳ער שאָטן נאָכן לעצטן חורבן —
אַ גייסט וואָס שוועבט . . . וועט שוועבן אייביק, אייביק;
אַ שאָטן פֿון אַ וועלט, אַ וועלט וואָס איז געשטאָרבן . . .

נאָר, פּלוצים שיסט אַרויס פֿון פֿינסטערניש אַ שטערן —
אַ ווייסער פֿייער־פֿייל פֿון אַ פֿייערדיקן בויגן:
— ויאמר אלהים . . . יהי, זאָל ליכטיק, ליכטיק ווערן!
איך אָן! איך הער! איך זע! איך עפֿן אויף די אויגן.

און אָפּגעטאָן ווערט שוין פֿון מיר דער נאַכט שגעון.
עס פֿלאַטערט די לבֿנה ווייס אַריבער מיין געלעגער.
צוקאָפּנס הוידען זיך די לעצטע בלויע שעהן:
— שלאָף איין, שלאָף איין, דו מידער שאָטן־יעגער.

# דאָס ליד וועגן קאַרליקל

די וועלט ליגט ווי סדום ועמורה פאַרלענדט —
אַ פינסטערער, וויסטער בית־עולם:
פאַרבייגעמאַרשירט, מיט דער האַק אין דער האַנט,
האָט אָקאָרשט דער משחית, דער גולם.

נאָך מינעט דער בליאַסק פון דער שטאָלענער האַק
זיך צווישן די בלינדע רואינען.
ס׳איז קיינער נישטאָ . . . בלויז דאָס קאַרליקל טאַנצט:
— צו קליין . . . אַז דו זאָלסט מיך געפינען!

אַ שפּאַרע, אַ שפּאַלט אין אַ וואַנט איז גענוג,
אַז איך זאָל זיך קענען באַהאַלטן . . .
און ס׳איז ניט פאַראַנען אַ וואַנט, וואָס די האַק
פון גולם האָט נאָך ניט צעשפּאַלטן.

דאָס קאַרליקל פלאַטערט, דאָס קאַרליקל שוועבט
אַריבער דעם וויסטן בית־עולם:
— וואָס איך האָב געגאַרט, און האָב טאָן נישט געקענט,
געטאָן האָט פאַר מ י ר דאָס דער גולם!

די האַנט, וואָס פאַרטיליקט, וועט ווערן פאַרלענדט.
דער גולם — פאַרמשפּט צום שטאַרבן!
איך איינער — דער איינציקער יורש פון אַ ל ץ !
אפילו די האַק וועל איך אַרבן!

און בליאַסקען וועט איבער די חורבות מיין האַק,
און וועט ווי אַ מעטעאָר בלענדן . . .
איך איינער — דער קאַרליק — דער ל ע צ ט ע ר . . . און אים,
מיין אייגענע האַק וועט פאַרלענדן!

און בלייבן וועט תהו־ובהו, און גאָט
וועט איבער דער פינסטערניש שוועבן.
פון מיר דעם „לא־היה״ וועט ווידער גאָטס האַנט
אַ וועלט פון דאָס ניי נעמען וועבן . . .

אַזוי האָט דאָס קאַרליקל לעבן מיין בעט
געחוזקט פון מיר, און גערייצט זיך;
די זון האָט אין מזרח צעזשאַרעט זיך רויט,
און איבער מיין פענסטער צעפלייצט זיך. — — — —

— וואָס האָסטו געוואָיעט אַזוי פונם שלאָף?!
געטרייסט זיי! ס'איז הבל־הבלים!
דער גולם, דער קאַרליק, די האַק — דאָס ביסטו!
און דאָס וואָס דו ביסט — איז דיין חלום!

# איך האָב געטאָן אַ נדר

„ווען שטיינער וועלן שווימען אויפֿן וואַסער;
ווען שניי, אין שבט, וועט פֿאַלן שוואַרץ,
וועל איך דאָס רשעות דיינס פֿאַרגעסן,
און מוחל זיין וועט דיר מיין האַרץ!"

איך ווייס! — ווער ס'נעמט אויף זיך אַ נדר,
טוט אָן זיך קייטן אויף די הענט;
בויט אויף פֿאַר זיך אַליין אַ תּפֿיסה,
און שטיינערט איין זיך אין די ווענט . . .

ער האָט שוין ביי דער סטרא אחרא
אין קאָן דאָס האַרץ זיינס איינגעשטעלט,
און משפּט — „ע י ן ת ח ת ע י ן!"
און — פֿול מיט בלינדע ווערט די וועלט!

צי האָב איך איינגערעדט זיך, אָדער,
— ס'איז מיינער אַ שגעון סתם —
ווען איך ווער איבערפֿילט מיט יאוש,
גיי איך נאָך טרייסט אַראָפּ צום ים.

דאָס פּנים זיינס איז אַלט, געקאַרטשעט;
פֿאַראַקערט — אייביקייט און סוד! . . .
די כוואַליעס רוישן, און דער עכאָ,
מיר דאַכט זיך, ענטפֿערט אָפּ: א ח ד !

איך הער און ווער, ווי ער פֿאַרעלטערט —
אין יאָרן און אין אומעט זאַט.
מיין פּנים: נעפּל, זאַלץ און רעגן;
מיין קאָפּ ווערט ווייס, ווי חודש שבט!

דער ים, ער וואַשט ביים ברעג די שטיינער,
און איך, פֿון האַרץ וואַש אויס דעם סם,
די שנאה . . . און — איך ווער אומענדלעך,
אין־סופֿיק, אייביק ווי דער ים!

# והיה באחרית הימים

צום זעכציקסטן יאָרצייט פון דוד עדעלשטאַט

ער האָט ניט געשטאַמט פון נביאים,
און איז ניט געווען קיין בעל יחוס.
דער צער האָט געזאַלבט אים מיט טרערן;
מיט דערנער באַקראַנצט אים דעם שטערן:
— געהארך און גיי טו גאָטס שליחות!

— פאַרטרייב די נביאי השקר;
די בלעמס פון אונטער גאָטס שטערן;
גיי מונטער און טרייסט דעם געניאַרטן,
דעם מידן, וואָס קאָן מער נישט וואַרטן,
און וויל שוין גאָטס וואָרט מער ניט הערן . . .

נאָך ניט איינמאָל וועט גאָט פון גן־עדן
דעם זינדיקן אדם פאַרטרייבן.
ניט איינמאָל וועט אויפשטיין נאָך קיין
זיין ברודער־מאָרד פריש צו באַנייען.
דאָך, אייביק ביז אייביק וועט בלייבן

דעם נביאס באחרית הימים.
עס וועלן נאָך הונדערטער דורות
און תקופות אין שכחה פאַרזינקען;
די ערד וועט אין מבולס זיך טרינקען.
און צענדלינגער סדום ועמורהס

וועט גאָט מיט זיין פייער פאַרלענדן.
אין תהו ובהו, אַרום אים,
וועט אייביק ביז אייביק באַנייען
דער נביא זיין וואָרט און וועט שרייען:
— והיה באחרית הימים!

און ער האָט די רייד פון דעם נביא
געהערט און דעם אמת פאַרנומען,
און האָט — ווי דער פעניקס פון שייטער,
פון אַש — אויפגעטויכט אַ באַנייטער,
באַפרייטער — אונדז טרייסטן געקומען . . .

דורך צער און טרויער און הונגער
האָט ער אין זיין האַרצן געטראָגן
זיין חלום — ו ה י ה  ב א ח ר י ת !
ש ט ײ ט  א ו י ף  צ ו  ע ב ו ד ת  ה ש ח ר י ת !
א י ן  מ ז ר ח  ש אַ ר י ע ט . . . ס ׳ נ ע מ ט  ט אָ ג ן !

געהערט האָט די ערד און דער הימל;
די בערג און די ימים די זיבן;
די זון, די לבנה און שטערן.
נאָר דער, וואָס געזאָלט האָט דערהערן,
איז טויב ווי די מדבר געבליבן . . .

צו שווער ליגט דער יאָך אויף זיין נאַקן.
ער שטרויכלט, ער פאַלט, נאָר — פאַרהאַלט זיך.
ער בויגט זיך, נאָר — לאָזט זיך ניט בויגן . . .
טויט מיד, נאָר — ער שליסט ניט די אויגן . . .
ער פאַלט, און אין פאַלן — צעשטראַלט זיך.

* * *

אַ נזיר פון מדבר דערציילט מיר —
מיט אותות־ומופתים־סמנים —
כ׳האָב געזען אין דער מדבר דעם דאָרן,
וואָס פלאַקערט שוין טויזנטער יאָרן.
כ׳האָב געזען אין דעם פייער גאָטס פנים!

אפילו געהערט אויסן פייער
דאָס קול זיינס — ב ל ײ ב ש ט ײ ן ד אָ ר ט ד ע ר װ ײ ט ע ר ט!
ט ו א ו י ס ד י פ אַ ר ש ט ו י ב ט ע ס אַ נ ד אַ ל ן! —
איך בין אויפן פנים געפאַלן,
און האָב אין זיין ליכט זיך געלייטערט . . .

ער האָט זיך פאַרנויגט אַ מאָל זיבן
פאַר מיר, און זיך אונטערגעצונדן —
ווי ס'צינדט אָן פון בליץ זיך אַ שייער —
און איז אין אַ וואָלקן פון פייער
אין לויטערן הימל פאַרשוואונדן . . .

# דער צויבער־באַרג

די אָוונט־שאָטנס ליגן ווי דרעמלענדיקע קי צעשפּרייט איבערן פּלוין.
די אונטערגייענדיקע זון אַרום דעם קאָפּ פון באַרג — אַ פייערדיקע קרוין.
דערביי—אַ וואַלד אַ טונקלער, ווי אַ מידער בופלאקס אויסגעשטרעקט דעם קאַרק—
משמעות קלעטערנדיק אַרויף־צו, איז ער איינגעשלאָפן צווישן טאָל און באַרג.
ביים בלויען האָריזאָנט, דער ים — פון וואָלקן פליאַמעס אויסגעפלעקט —
אַ דרעמלענדיקער לעמפּערט ליגט אויף זיינע ברוינע לאַפּעס אויסגעשטרעקט
און חלומט וועגן ווייסע זעגלען צאַפּלענדיק זיך אינם שטורעמווינט.
דער אָוונט־שטערן, ווי אַ שפּין אַ זילבערנע, אין טונקלען דעמער שפּינט
די ערשטע תכלת־בלויע פעדים פאַר אַ שטילער, לינדער זומער־נאַכט.
אין פעלד טויכט אויף אַ שטיבעלע, ווי עפּעס אויסגעחלומט, אויסגעטראַכט:
צינדט אָן זיך, פלאַמט, פאַרלעשט זיך ביסלעכוויז . . . און אומגעריכט
בליצט אויף אַנטקעגן אויף אַ באַרג אַ פייערל: — אַ שטערנדל? אַ ליכט? —

איך הער זיך איין מיט אַלע חושים צו דער שטילקייט, און מיר דאַכט,
ווי אַלץ אַרום מיר פאַר הנאה וויינט — די שאָטנס און די נאַכט;
דאָס פעלד, דער וואַלד, דער טאָל, דער ים, די שטערן און דער באַרג.
— אַ, גאָט! די וועלט איז ווינציק און דאָס לעבן איז אונדז קאַרג!

און אַלץ, וואָס איז געלעגן אין מיין זעל פאַר'חתמעט האָט זיך מיטאַמאָל
אַ ריס געטאָן און אויפגעציטערט אין דער שטילקייט, ווי אַ ווידערקול,
וואָס חזרט איבער דאָס געוויין פון וואַלד און פעלד און ים און באַרג:
— אַ, גאָט מיין האַר! די וועלט איז ווינציק מיר, מיין לעבן קאַרג . . .
דען איך האָב אין דער אונטערגייענדיקער זון געזען אויף דיינע הענט
דעם נס יצירה ערשט . . . בעת מיין אייגן ליכט האָט באַלד שוין אויסגעברענט . . .
נאָר איידער איך האָב נאָך פאַרענדיקט מיינע ווידערשפּעניקדיקע רייד,
האָב איך פאַרנומען אַ געברום: — דאָס לעבן לעבט אין יעדער רגע פרייד!
די וועלט, די אייביקייט ליגט אָפּט פאַרהוילן אין אַן אויגנבליק,
נאָר קוים פאַרקוקסטו אים, וועט ער זיך קיינמאָל שוין ניט אומקערן צוריק!

און ווידער אויפגעציטערט האָט אין מיר דאָס אונטערטעניקע געוויין:
— וואָס זאָל איך טאָן! . . . מיין אויג איז קליין, איז קליין, איז קליין!

און וויפיל ליכט פאַרנעמען קען דאָס מיין שוואַרצאַפּל, וואָס איז חושך־שוואַרץ!
און ס׳ענטפערט מיר דאָס קול: דער הימל איז דיין אויג, דער ים דיין האַרץ,
און מיט די בלינדע חושים דיינע ביסטו תופס אַלע מיינע שיינקייטן אַרום!
דאָס לשון האָט מיר אָפּגענומען: כ׳האָב ניט וואָס צו ענטפערן, כ׳בין שטום!
און צוגעפאַלן בין איך צו דער ערד און צוגעדעקט מיט מיינע הענט
דאָס פּנים און געזען גאָטס ליכטיקע יצירה און זיין גרויסע גאָב דערקענט . . .

# דער שטיין פון מי מריבה

געזאָגט האָט גאָט, אַזוי צו זאָגן,
צו משהן — גיי און רעד צום שטיין.
נאָר משה האָט דעם שטיין געשלאָגן,
און ווידערשפּעניקט גאָט אַליין.

און איך וואָס בין פון טויט אַנטרונען
פון הינטער ברענענדיקע שטעט,
האָב דעם פאַרשעמטן שטיין געפונען,
און ס׳האָט דער שטיין צו מיר גערעדט:

— דער שטורעם האָט פאַרבייגעוויטערט
די מדבר צן, אין טויט פון נאַכט,
און פון מיין פעלז מיך אָפּגעשפּליטערט,
און אין דיין חרוב־לאַנד געבראַכט . . .

און ער אַנטפּלעקט מיר די סמנים,
וואָס משהס האַנט האָט איינגעקאַרבט
אויף זיינע ריפּן, און משה׳ס פּנים,
ווי ס׳שאָטנט זיך פאַר גאָט און שטאַרבט.

איך האָב דעם שטיין אַרומגענומען,
און ס׳איז אַ וואונדער מיר געשען.
אַ טראַנס איז איבער מיר געקומען —
איך האָב געחלומט און געזען:

די זון פאַרגייט אין רויטע פלאַמען.
אין זשאַר פון לעצטן מערב־טרעפּ.
דער הייסער ווינט מיט פייער־קאַמען
צעקעמט דער מדברס בלאָנדע צעפּ.

נאָר, פּלוצים און עס נעמט זיך וועקן
די שטילקייט, און איך הער אַ קול:
— ביי דיינע פיס ליגט משהס שטעקן,
נעם שלאָג דעם שטיין צום דריטן מאָל.

און ער וועט זיך פֿאַנאַנדערפֿאַלן,
און ווי אַ סטייע ווילדע פֿערד
פֿאַנאַנדעריאָגן זיינע קוואַלן,
און מאַכן פּרוכפּערדיק די ערד.

איך וויים: דאָס רעדט אין מיר דער שטן;
דער טרויער ווייַנט אַרויס פֿון שטיין:
— ווערסט זען דאָס לאַנד, נאָר זיין פֿאַרבאָטן
וועט דיר אין לאַנד אַריינצוגיין!

איך הער זיך איין און ווער פֿאַרציטערט.
כ'הייב אויף די הענט און טו אַ פֿאַל —
דער שטעקן משהס — שימערט, גלימערט —
אַ זילבער־בלויער וואַסער־קוואַל.

איך האָב צום קוואַל זיך צוגעטוליעט;
געזופּט, געטרונקען, און לסוף
האָט מיך זיין מורמלען איינגעליוליעט,
און ס'איז באַפֿאַלן מיך אַ שלאָף.

אַז איך האָב אויפֿגעמאַכט די אויגן,
האָב איך באַמערקט ביים מערב־ראַנד
אַ שטראַלנדיקן רעגנבויגן —
דאָס צוגעזאָגטע חלום־לאַנד!

# דער קעלמער זאָגט מגידות

ס׳איז סתם טשיקאַווע מיר צו וויסן הלמאי
האָט רבי יוחנן זיך אויסגעקליבן דווקא שוסטעריי —
פון די געפאַלנסטע מלאכות — פאַר זיין פאַך?
תנאים זיינען דאָך פאַראַנען ווינציק אויף דער וועלט,
מ׳קאָן זיי ציילן אויף די פינגער פון דער האַנט,
און שוסטערס, קיין עין־הרע, זיינען דאָ אַ סך, אַ סך.

וואָס מיינט איר ענטפערט רבי יוחנן דאַרויף?
— די תורה וואָס איך לערן איז — לשמה, פאַר גאָט!
דאָס שוסטעריי, מיין גורל, האָט מיר גאָט באַשערט,
און טאַקע מחמת ס׳איז די שפל׳סטע מלאכה אויף דער ערד.

דען דאָס וואָס איז פון גאָט דערהויבן שוין, וועל איך,
מיט מיינע הענט, שוין העכער ניט דערהויבן סיי־ווי־סיי.
היינט, וואָס איז נאָך געפאַלענער ווי ס׳איז דאָס שוסטעריי?
איז, דאַנק איך דיר אל־חנון פאַרן כבוד, פאַרן זכות
צו קענען האַלטן הויך אין מיינע הענט דעם האַמער און די אל;
צו קענען שפיגלען זיך אין מעשי־ידי אויפן מענטשנס פוס . . .
דען וואָס קען זיין געפאַלענער און נידעריקער פון אַפּצאַס;
פון זויל, וואָס טרינקט זיך אין דער בלאָטע וואָס אין גאַס?

און חוץ לזה, איז צווישן פאַרמעט און, להבדיל, לעדער דאָ אַ קרובהשאַפט:
דעןביידע שטאַמען דאָך פון זעלבן שורש און פון זעלבן מין:
די שעפּסן טרינקען אַלע פון דער זעלבער אָזערע אין פעלד.
פאַר אַלע רינדער איז די פּאַשע אויף דער לאָנקע, זומער, גרין.

צווישן גאַליש־טינט און סמאָלע ז׳אויך אַ קרובהשאַפט פאַראַן:
דען ביידע בליאַסקען ווי די שפיגלען אויף דער וואַנט,
וואָרן — ביידע זיינען ליכטיק — מחמת ביידע זיינען שוואַרץ . . .
איז, הויב איך אויף צו גאָט ברוך הוא דעם האַמער און די אל;
פאַרצי די דראַטווע, און עס זינגט פאַנאַנדער זיך מיין האַרץ:
בזעת אפיך תאכל לחם — גאָטעניו, ניט פרעג ביי מיר למאי
איך פלייס זיך דווקא צו דערהייבן דאָס פאַרשעמטע שוסטעריי . . .

באַגינען, איידער ס׳קרייעט נאָך דער האָן, בין איך שוין וואַך,
און שטיי אין טלית אַ געבויגענער פֿאַר דיר אין שחרית׳דיקער לויב,
און פֿרעג: וואָס קאָן זיין נידעריקער נאָך פֿון גראָז און שטויב,
און נאָך געפֿאַלענער ביי זיך, ווי ס׳איז דער קרעכצנדיקער זויל?
אוי, טאַטע, פֿאָטערל! ניט האָב פֿאַראיבל הלמאי איך גלויב,
אַז צווישן שטיפֿטל און דעם אות איז אויך אַ קרובהשאַפֿט פֿאַראַן.
דען ביידע האָב איך דאָך געוואַרעמט אין מיין הונגעריקן מויל,
ווי ס׳וואַרעמט אירע זריעה־קערנדלעך די שוואַרצע מאַמע ערד,
כדי זיי זאָלן אין דעם כבוד פֿון דיין תורה מאַכן גרויס
דיין נאָמען אין דעם שטויב, וואָס וועט בקרוב זיין מיין שויס . . .

אָפֿט זע איך, שפּעט ביינאַכט, בשעת איך דרימל אונטער ביים קאַפּול,
ווי דו — מיט שטערן גאָלדענע — באַשטיפּטלסט איבער מיר די נאַכט,
און ס׳גייט ביי מיר אין האַרצן אויף אַזאַ מין ציטערדיקע פֿרייד:
— אויך איך האָב מעשי־ידי אויף דער ווייסער וועלט געבראַכט:
אַ מענטשנס פּוס, אַ נאַקעטן, אַליין מיט מיינע הענט באַקליידט.

אָפֿט הער איך ווי דו שפּאַנסט אַרום ביינאַכט אין נאַסן גראָז —
אַליין . . . אַ באָרוועסער, און גייסט מיין אָרים שטיבעלע פֿאַרביי,
און כ׳דערמאָן זיך אָן דעם נע־ונדן אָרימאַן, דעם באָרוועסן,
און ס׳ווערט מיר חשובער און טייערער מיין שוסטעריי.

איך רוף דיך אויס דער פֿינסטערניש. דו ענטפֿערסט נישט.
איך זוך דיך — כאָטש ביסט אומעטום . . . נאָר פּלוצים, מיטאַמאָל
בליצט אויף דער שם־המפֿורש דיינער, ווי אַ ציטערדיקע טרער,
און בלייבט פֿאַרגליווערט הענגען אויפֿן סאַמען שפּיץ פֿון אל,
און ס׳כאַפּט מיך אָן אַ חשק דיר צו מאַכן אַ פּאָר שטיוול, גאָט!
כדי כ׳זאָל שאַרפֿער הערן אין דער פֿינסטערניש דיין טראָט,
און נאָכגיין הינטער דיר און זינגען, זינגען אָן אַ קול:
יי אלהינו יי אחד! יי אלהינו יי אחד!

אוי, טאַטע, פֿאָטערל געטרייער! ס׳איז מיר גוט און וואויל,
דען, כ׳הער ווי ס׳זינגט פֿאַרטאָג אין קילן גראָז מיין זויל.
איך הויב מיט גאווה אויף צו דיר — זיי מוחל מיר! — מיין קאָפּ,
און שפּאַן דיר נאָך ביז העט צום סאָמע לעצטן גרעניץ ערד.
און דאָרט וואו דו בלייבסט שטיין, דאָרט שטעל איך אויך זיך אָפּ.
דאָרט שטעל איך אויך זיך אָפּ.

# אַ חומש מעשהלע — כמעט

די האַנט פון גאָט האָט אויסגעפּעכט דעם הימל מיט געדיכטן פּעך,
זוי ער וואָלט זיין, להבדיל, אַ פאַרזשאַווערטער קאַטוך פון בלעך.
נאָר, ס׳העלפט ניט פאַרט! משמעות — דער קאַטוך איז  ז יי ע ר  אַלט!
איז דורכגעלעכערט, דורך און דורכגעזשאַווערט, און — צעפאַלט . . .
איך זע דאָך, ווי די בליצן סטריגעווען מיט שיטערע תכריכים־שטעך

צונויף די אויפגעטרענטע נעט פון חשכות צווישן הימל און דער ערד,
און ווי דער שטורעם יאָגט די וואָלקנס מיט זיין פייערדיקער שווערד,
און ווי די דונערס, ווילדע, גאַלאָפּירן איבער באַרג און טאָל און ים.
ציקלאָפּן־רייטערס איינגעשמידט אין שווערע פאַנצערס — רויך און פלאַם —
ספּאַלאַשעט — יאָגן זיך — מיט כמאַרע אויף די קעפּ, און רעגן אין די בערד . . .

איך שליס די מידע אויגן מיינע צו, נאָר, ס׳לויפט פון מיר דער שלאָף;
אַראָפּגעלאָזט האָט גאָט זיין שווערע האַנט אויף חיה, מענטש און עוף.
איך ליג פון אַנגסט פאַרשטאַרט. דאָס האַרץ מיינס אָבער דרעמלט ניט. עס וואַכט
און הערט זיך איין צום ספּריטנעם גאַלאָפּירנדיקן שטורעם אין דער נאַכט,
וואָס טראָגט דורך חשכות גאָטס יצירה צו איר לעצטן־לעצטן סוף . . .

איך שפּיר שוין, ווי דער ווירבל טוט דאָס שטיבל מיינס אַ וויג, אַ הויב,
פאַרהילט, פאַרוויקלט עס אין אַ געדיכטן וויכער רויך און שטויב
און טראָגט עס, ווי דער האַרבסט, אַ בלאַט, וואָס פאַלט אַרונטער פונם בוים.
נאָר גאָט דערבאַרעמט זיך אויף מיר, שטרעקט אויס זיין האַנט, רירט אָן מיך קוים,
און ס׳געשעט אַ נס: איך וויקל פון דעם וויכער זיך אַרויס — אַ ווייסע טויב!

אָ, גאָט מיין האַר! איז מיר באַשערט צו זיין דיין בשורה־טויב?
— באַ ש ע ר ט ! באַ ש ע ר ט ! דו זעסט דאָך ווי עס ברענט אין נח׳ס תיבה־שויב
אַ שטערן ליכט . . . דיין חלום איז אַ ניי מין חומש־מעשהלע — כמעט!
אַ סימן דיר: דו טראָגסט ביי זיך אין מויל אַ גרינעם איילבירט־בלאַט.
איך שפּרייט די פליגלען מיינע אויס, און טו צום הימל זיך אַ הויב.

אָ, גאָט, אל חנון, וואָס געוועלטיקט אין אומענדלעכן אין־סוף;
וואָס שטראָפט דעם שווערן זינדער און פאַרגיטיקט אים זיין שטראָף,
דערפלי מיך ביז צום באַרג אררטס שפּיץ — דען כ׳זע דורך נחס שויב,
ווי ס׳דרעמלט זייט ביי זייט דער טיגער מיטן הירש, די טויב —
אין שכנות מיטן שפּאַרבער, און ביים זייט פון וואָלף — דיין שאָף.

עס שאַטנס אויפֿן באַרג נחס תיבה, נאָר פֿון צייט צו צייט טוט קוים אַ גלי
פֿון תיבה־שויב . . . איך נעם זיך אָן מיט חלום, און איך טו אַ פֿלי.
איך פֿלאַטער נאָכן בלויען שטערן־צייכן העט אַרויף צום באַרג ארערט־שפּיץ.
דאָס פֿייערל גייט אויס, גליט אויף, גייט אויס, און טוט צוריק אַ בליץ . . .
איך הענג זיך אָן, מיט ציין און נעגל, אָן דעם פֿאָדעם ליכט — י ה י, י ה י, י ה י!...



# ק י נ ׳ ס   ל ע צ ט ע   ט ע ג

— — — און הבלס בלוט־געשריי האָט פלוצים זיך געטאָן אַ בראָך,
זיך אָפּגעבראָכן און געבליבן סטאַרטשען אויס דער ערד —
אַן אָפּגעהאַקטער דאָרן אין דער מדבר, נאָך אַ בייזן ווירבל־ווינט.
און קין האָט שוין מער דאָס בלוט־געהייל פון הבלען ניט געהערט.

און שווער געבליבן הענגען איז די שטומקייט הבלס איבער אים,
נאָך שווערער, ווי דער פּחד פון דער פייערדיקער שווערד,
אין האַנט פון מלאך, היטנדיק, אין טויער ביים גן־עדן־שוועל,
די טריט פון אדמען — דער ערשטער נע־ונדניק אויף דער ערד.

און קין הערט זיך איין: איז להוט צו הערן אין דעם ווינט
דעם ווידער־ציטער פון זיין ברודער הבלס יאָמערלעכן קול.
ער זוכט אים אין געראויש פון בוים, אין שעפּטשען פון דעם גראָז;
אין וואַסערפאַל, וואָס זינגט די שטילקייט פון די בערג אַריין אין טאָל . . .

ער זוכט אים אין געצוויטשער פון דעם פויגל אויף דער פריי;
אין וואויען פון דעם הונגעריקן וואָלף, אין די געאיילטע טריט
פון גאַלאָפּירנדיקן הירש; אין קליפּ־קלאַפּ פונם קלאַפּערשלאַנג;
אין טריפּ־טראָפּ פון דעם רעגן אין דער מדבר, און — געפינט אים ניט!

* * *

די זון פאַרגייט.
ער האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ רויטן מערב־הימל ניט געזען.
דער מערב ברענט.
ער איז נאָך קיינמאָל אין אַזאַ צעגליטער מדבר ניט געווען!
די נאַכט פאַלט צו.
ער קען זיך ניט דערמאָנען נאָך אַזאַ מין פאַרבן־פייערדיקע שקיעה־שעה.
אין קינ׳ס בלוט גייט אויף אַ בענטשונג און אַ פיבערדיקע גאַרעניש —
זיין חדוה טיילן מיט דעם נאָענטסטן, וואָס שכנט ביי זיין זייט —
זיין שכן און זיין חבר . . . נאָר, זיין שאָטן איז נישטאָ!
איז מיד געוואָרן וואָגלענדיק אין קינס נע־ונדנע וואָגל־טריט.
ער זוכט אים צווישן די געדיכטע שאָטנס פון די וויסטע מדבר־בערג;

אין טונקלעניש פון וואַלד און וואָלקן און — געפינט אים ניט.
ער זוכט אים הינטערן רוקן פון דער שקיעה־דעמערונג פאַרשטעלט . . .
ער הערט זיך איין צום ווינט אין זאַמד, און הערט ניט זיינע טריט.
און ענגער ווערט זיין איינזאַמקייט, און ליידיקער זיין וועלט.

* * *

שטאָק נאַכט.
פון צווישן וואָלקן־פּליאַמעס פלאַטערט אין דער פינסטערניש אַרויס
אַן אָנהייב־חודשלעכע האַלב־לבנה, ווי אַ בלאַנדזשענדיקע פלעדערמויז.
די שטערן, פאָספאָר־גרינע, צינדן אָן זיך אויפן הימל פּראָסטיק־קאַלט,
ווי הונגעריקע אויגן פון אַ טיגער אין געדיכטן זשאַנגל־וואַלד.

עס פּראָסטיקט אַרום אים די פינסטערניש, דאָך גליט ביי אים אין בלוט
אַ פיבערדיקער דורשט. ער הייבט צום הימל אויף זיין קול און קלאָגט:
— אָ, גאָט מיין האַר! איך ווער פון גליענדיקן מדבר־דורשט פאַרצערט!
שטרעק אויס דיין האַנט און פיר מיך וואו עס קוועלט דיין וואַסער־קוואַל.
און גאָט האָט קיינס צער פאַרנומען און זיין וויטיקדיק געשריי דערהערט.
און קין הייבט די אויגן זיינע אויף און זעט: אין טויטן מדבר־זאַמד
שאַריעט אויף אַ בלויער וואַסער־פּאָדעם און פאַרגייט זיך אין אַ שטראַל.
און קין לויפט ווי אַ געפּענטעטער, מיט שיכור־וואַקלענדיקע טריט,
און טוט, ווי אַ פון פייל־געטראָפענער, צום וואַסער־שטראָם אַ פאַל.
ער האָט געטרונקען שוין פון אַלע קוואַלן אויף דער ערד, נאָר דער —
דער לויטערסטער פון אַלע וואַסערן — איז ביטער, ביטער גאַל!

דער פיבער־דורשט אין קינס אויגן אָבער מאַניעט, רייצט און נאַרט . . .
און קין טרינקט דאָס ביטערניש — להכעיסדיק, פאַרעקשנט, איינגעשפּאַרט!
ער טרינקט און זעט: אין וואַסער אָפּגעשאָטנט לעשן זיך די שטערן אויס.
פון הינטער טעמנע מזרח־בערג אָפיר, אין האַלב־רונד, טוט אַ שפּאַר אַרויס
די זון, אַן אָנגעצונדענע. די וואָלקנס, פייער־פּליאַמעס, זשאַר צעגליט,
זיך טוקן אָפּ אין וואַסער־שטראָם — גאָטס ערשטע אינדערפריענדיקע טריט.
ער זעט: אַ פויגל, אָפּגעשאָטנט אין דעם וואַסער, פלאַטערט און פאַרפליט;
אַ וואָלקנדל — אַ ליכטיק־לויטערס — אין אַ קלאָר ווייס ציגעלע פאַרשטעלט . . .
אין וואַסער אָפּגעשפּיגלט — טרינקט . . . זיין אייגן פּנים — זעט ער ניט!

און קין נורעט זיך אַריין אין זאַמד און וואָיעט: — גאָט, מיין האַר!
דו ביסט מיין עדות, אַז איך האָב מיט ד יי נ ע  הענט פאַרגאָסן הבלס בלוט;
מיט מיר בשותפות האָסטו דאָך אַ גלייכן חלק אין מיין ברודערס מאָרד,
ווי קענסטו זיך מיאש זיין צו זיין אַ גלייכער שותף צו מיין צער?!
אויף מיר אַליין אַרויפגעלייגט די גאַנצע משא פון דער שותפותדיקער שטראָף;
מיר אויסגעזויגן — ווי אַ הונגעריקע שפין נאָגט אויס אַ קראַנקע פליג —
די רו פון מיינע מידע וואָגל־ביינער ביז צום סאַמע לעצטן טראָפּן שלאָף!

* * *

איך הער דיין רחמים אין דעם שטילן ברומען פון דער טירקלטויב;
אין בלעקען פון דעם לעמעלע; אין צוויטשער פון דעם אומעטיקן גריל.
דו ביסט דאָס ליכט, וואָס פירט דאָס בלינדע ווערעמל אין שטויב.
דו ביסט אין אַלצדינג וואָס איך חלום, בענק און גאַר און פיל!
דאָס אויג דיינס זעט, דיין אויער הערט, און דיין געמיט פאַרנעמט
דעם דינסטן ציטער פון דעם מינדסטן גרעזעלע אין שפּאַלט פון שטיין.
פאַרוואָס האָסטו זיך פון מיין גאָב — מיין קרבן אָפּגעקערט, אָ, גאָט!
די פרייד, די מי פון מיינע הענט . . . דיין אייגענע יצירה מיר פאַרשעמט?!

אויף מיינע פעלדער האָט דער רעגן דיינער ווי אַ בענטשונג ליב געפּלייצט.
אויף מיינע גערטענער האָט חדוהדיק דיין זון מיט שפּאַרעוודיקער מאָס געפלאַמט.
פאַרוואָס האָסטו מיט קנאה־קערנער מיר דאָס בלוט, די ביינער מיר פאַר'סמט?!

און גאָט האָט קינס צער פאַרנומען און דאָס מאַנונג זיינס דערהערט.
געזען זיין איינאַליינקייט און זיין הפקר־וואָגלעניש אויף דר'ערד,
און זיך דערבאַרעמט איבער אים, און אים זיין שאָטן אומגעקערט.

און קין האָט דערזען זיין אָנגעשוואָלן פּנים גליווערן אין וואַסער־שטראָם;
זיין ווילד־משונהדיקן קאָפּ — אַ קאָפּ מיט קודלעס פון אַ מדבר־לייב;
ווי ים־גראָז, זעט ער, אונטערן וואַסער פלאַטערן זיין ווילדע באָרד;
גאָטס קללה צייכן אויף זיין אויפגעביילטן שטערן איינגעקאַרבט;
גאָטס פייערדיקע פינגער אויפן קווענדיקן וואַסער טריפן — מ אָ ר ד !
און קין ציטערט אויף פון שרעק. ער אַנט, אַז ער איז זיבן דורות אַלט;
אַז ער האָט אויסגעצאָלט, אין פולער מאָס, זיין זיבן דורותדיקע שטראָף;
אַז ער האָט זיך אין אים דערמאָנט, און — אַז ער שטאַרבט, ער  ש ט אַ ר ב ט !

און קינס פּנים האָט זיך אויפגעגאָסן מיטן וואַסער, און די מידע פּיס,
ווי וואָרצלען פון אַ יאָדלע האָבן זיך אַריינגעקעקבערט אין דעם זאַמד.
ער שפּירט דעם ריח פון דער ערד . . . דאָס וואַסער איז ווי רעגן זיס,
און וואַרעם ווי די מידקייט וואָס גייט אויף אין לעצטן אָטעם פאַרן שלאָף.

קין שלאָפט.
און גאָט, דער האַר, שטרעקט אויס זיין שטראַלנדיקע האַנט,
לעשט אויס אין בלוט ביי אים דעם צער און דעם קנאה־שנאהדיקן סם;
שיילט אָפּ פון אים דעם שאָטן זיינעם, ווי די ליכטיקייט, פאַרטאָג,
שיילט אָפּ דעם נעפּל, וואָס פאַרדעקט דאָס פּנים פון דעם ים.

קין שלאָפט.
דער שאָטן זיינער, אָבער, וואָגלט אין דער וועלט.
און וואו עס פאַלט זיין שאָטנדיקער טראָט —
ווערט רויט די ערד . . . און הבלס וואָיענדיק געשריי
ברעכט אויס און שרייט אַרויף צו גאָט.

# מדבר חלומט

די מדבר, ווי אַ קעמל, רוט
פאַרוויגט אין חמימה־דרימל.
אַמאָל האָט דאָ גערוישט דער ים
און איצט — איז זאַמד און הימל.

זי חלומט: זעגלען פלאַטערן,
ווי פייגל אין אַ שטורעם.
און גרויע מאַסטן וואַקלען זיך,
אין נעפּל, ווי שכורים.

און פישערלייט מיט ווייסע בערד,
און וואָל־געקרויזטע ברעמען,
געווענדט צום הימל רופן גאָט,
און אָבות ביי די נעמען . . .

זי זעט ווי כוואַליעס צאַפּלען זיך
אויף הערנערדיקע ריפן;
ווי זעגלען פלאַקערן אין בליץ
אויף זינקענדיקע שיפן.

פּיראַטן — ברוינע, באָרוועסע,
מיט פייער אין די ביינער,
באַנדזשאַשן רויטע אויף די קעפּ,
קינזשאַלן אין די ציינער —

ווי מאַלפּעס קלעטערן אויף די שטריק —
די לעצטע ים־נסיעה!
דאָס שטאַרבן — סיי־ווי־סיי . . . אַלצאיינס!
אין ים צי אויף דער תליה.

דער ים איז ברייט און, ווי דער טויט,
איז אייביקייט . . . אומענדלעך!
זיי נעמען מיט זיך — גרודעס גאָלד
און פעסער פול מיט רענדלעך.

פֿאַרשלאָסן איז סײַ־װי פֿאַר זיי
דער טויער פֿון גן־עדן,
און גאָלד און בלוט, װעט גאָט און טויט
שוין ניט פֿאַנאַנדערשיידן . . .

# דער אוצר

אין מדבר בלאנקעט זיך אַרום
אַ שאָטן־מענטש אַ וויסטער.
— וואָס ראָיעט ער זיך אין דעם זאַמד?
— אַן אוצר זוכט דער נסתר.

ווי אַלט איז ער? — געדענקט שוין ניט.
אַ מדבר זיין זכרון.
שוין יאָרן, אַז ער איז אַליין
פאַר זיך אַ סוד געוואָרן.

פאַר׳עקשנט וואָגלט ער און וויל
להכעיס גאָט ניט שטאַרבן,
אַז גאָט אַליין זאָל סיי דעם סוד
און סיי זיין אוצר אַרבן?!

גאָט ווייסט דעם סוד, נאָר — ס׳וויל ניט גאָט
מיט אים דאָס שותפות טיילן . . .
ער מאָנט ביי גאָט — „זאָג אויס דעם סוד!"
נאָר גאָט וויל ניט דערציילן . . .

דאָך, קומען וועט אַ שעה, און ער
מיט גאָט וועט שליסן שלום.
אַנטפּלעקן וועט אים גאָט זיין סוד,
און ער — פאַר גאָט זיין חלום . . .

# דער מדבר־ראַץ

זייט יאָרן אַז דער „מדבר־ראַץ״ —
זיין נאָמען ווייסט נישט קיינער —
שלעפּט אין דער מדבר, ווי אַ שטראָף,
אַרום זיין זעקל ביינער.

זיין פּנים — וואַקס, זיין באָרד איז — פלאַקס,
צוויי אויגן פון אַ סאָווע.
די מדבר איז זיין וועלט, און גאָלד —
זיין איינציקע מחשבה . . .

זיצט גאַנצע טעג ביים קוואַל, וואָס רוישט,
צווישן קאַקטוסן און דערנער,
און זיפּט דאָס זאַמד, און זוכט אין זיפּ
די גאָלדיק־ברוינע קערנער.

אין אָוונט רוט ער אויף זיין שוועל,
פון מדבר־זון צעבראָטן,
און נאָגט זיין ליולקע, שווייגט און שפּייט
אויף זיין האָרבאַטן שאָטן . . .

נאָר פאַרן שלאָפן ווערט ער מיד
און מילד ווי נאָך אַ תּענית.
ער קוקט צום הימל, טראַכט פון גאָט
און האָט אויף זיך רחמנות.

ער גלעט פון באָרד אַרויס אַ וואָרט
און קנייטשט אַרויף דעם שטערן;
שטעלט אָן ס׳געהער, אַזוי ווי ער
וואָלט טריט פון ווייטנס הערן.

די כמורנע אויגן שמייכלען אויף
פון אונטער זיינע ברעמען.
ער רייבט די הענט: איז מכין זיך
אַן אורח אויפצונעמען . . .

ער האַרט און וואַרט . . . זיך אָפּגעגעבן!
אַן אויסגעדאַכטער אורח:
געוועזן שוין נאָנט, כמעט ביים שוועל,
און — אַריין אין דר׳ערד ווי קרח!

ער שאַרט פון טיש אין האַנט אַריין
די ברעקלעך . . . טוט אַ שמייכל
און וואַרפט זיי פאַר דער שוועל אַרויס:
— כל דכפין ייתי ויאכל!

עס דרעמלט זיך . . . עס שלעפערט אים,
און מידער ווערט ער, מידער.
ער שפּרייט זיין שטרויזאַק אויס אויף דר׳ערד
און פאַלט אויף אים אַנידער.

דורכן דרעמל הערט ער פאַר זיין שוועל,
ווי ס׳וואָיעווען די ראַצן — — —
ער שלאָפט און ס׳חלומט אים זיך גאָלד
און שטיינערנע פּאַלאַצן.

ער שלאָפט און ס׳חלומט אים זיך — פעלד.
און סטאַדעס שאָף און רינדער;
אַ גאָרטן מיט אַ וואַסער־קוואַל,
אַ שטוב מיט קליינע קינדער.

אינדרויסן קערט דער ווינט דאָס זאַמד —
שאַ־שאַ־שאַאַאַאַ . . . חס ושלום!
ניט שטערט דעם מידנס מידן שלאָף,
ניט וועקט אים אויף פון חלום! . . .

# אין מדבר שטייט אַ נאָדלבוים

אין מדבר שטייט אַ נאָדלבוים,
פאַרוויגט אין שטומען שווייגן.
דער אומעט פון אַ טויטן ים
זיך וויגט אויף זיינע צווייגן.

ביינאַכט שאַריעט אויף דאָס זאַמד
מיט זאַלץ און רויג און רעגן;
מיט שטערן, פערל, מושלען, שוים,
אויף זילבער־בלויע ברעגן.

אין פישער־נעצן — אקאָרשט וואָס
פון ים אַרויסגעצויגן —
זיך צאַפּלען זילבער פישעלעך,
מיט דימענטענע אויגן.

אַ זעגל ציטערט אויף אין ווינט.
אַ גרינער מאַסט־לאָמטערן.
פון מאַסטבוים בליצט אין ים אַריין
אַ שטערן נאָך אַ שטערן.

די כוואַליעס פּעלבלען זיך ביים ברעג,
אין האַסטיקן באַוועגן.
אַ רינג אַרום לבנה־ראַנד
זאָגט אָן, פאַרקינדיקט — רעגן!

עס רעגנט, און אין מדבר־זאַמד,
אַ קוואַל קוועלט אויף און זשומעט.
אין רעגן רוישט דער נאָדלבוים:
„וואָס ווייסט ער פון מיין אומעט?!

דער נאַכט־ווינט טרייסט און נעמט אים איין.
ער פּרואווט זיך אים פאַרוויגן:
— געוועזן אַ מ אָ ל אַ ים — — — דער שטראָם —
אַ ניצוץ פון זיין ניגון . . .

# דער אַנטרונענער

ער האָט מיט דער וועלט זיך צעשאָמפּערט,
געפּרואווט פון איר אומרו אַנטרינען.
געמיינט: אין דער שטילקייט פון מדבר
וועט ער זיין מנוחה געפינען.

פאַרוואָר! וועסט ניט קאָנען זיך שיידן
מיט איר . . . און דיר וועט נישט געראָטן . . .
עס וועט דיך איר אומרו באַלייטן
אַזוי ווי דיין אייגענער שאָטן.

אַ שימער, אין זאַמד פון דער מדבר,
אַ מינדעסטער שאָרך פון אַ דאָרן,
וועט אויפוועקן אַלטע זכרונות,
חלומות ביי דיר אין זכרון.

דעם וואַסער־קוואַלס מורמל; דאָס זיפצן
פון ווינט, אין די מדבר־ציפּרעסן,
דיך וועלן דערמאָנען אָן זאַכן,
וואָס דו האָסט געהאַט שוין פאַרגעסן . . .

ביים קוואַל אין דער מדבר האָט הגר —
צוריק נאָך מיט טויזנטער יאָרן —
געוויינט, און איר טרער מיט דעם וואַסער
איז אייביקער אומעט געוואָרן.

און דו — אין דיין טראָט, אין דיין בגד,
אין שטויב פון דיין טאָרבע, דער גרויער,
געבראַכט האָסט דער מדבר צושטייער
דיין וועלט מיט איר אומרו און טרויער.

פאַרוואָר! ס׳איז די ערד נישט קיין מדבר;
די מדבר — איז דיר קיין גן־עדן.
פאַרגעס! . . . ס׳וועט די וועלט מיט איר אומרו
מיט דיר זיך שוין קיינמאָל ניט שיידן.

# מיניאַטור

האַלב־נאַכט. אין מיטן מדבר שטייט
אַ ציפּרעס־בוים אַ גרינער.
איז הויך און דין, און אויפן זאַמד —
זיין שאָטן איז נאָך דינער.

— אָ, גאָט! דו האָסט מיך דאָ פאַרפלאַנצט,
צו וואָס זאָל מיר דערמאָנען
דיין מדבר־ווינט, אַז ערגיץ־וואו
איז אַ ציפּרעס־וואַלד פאַראַנען?

וואָס העכער כ׳הייב זיך אויף צו דיר —
לויט דו האָסט מיר געבאָטן —
אַלץ לענגער ציט זיך אויס פאַר דיר
אין שטויב מיין דינער שאָטן . . .

און דו — דו היטסט מיך פון דער הויך
מיט אלפי־אלפים אויגן —
צי קאָן מיין שאָטן טיפער נאָך
פאַר דיר, מיין האַר, זיך בויגן?!

וואָס נענטער כ׳ווער צו דיר, מיין גאָט,
אַלץ קלאָרער נעמט מיר ווערן —
ווי ווייט איך בין דערווייטערט ערשט
פון דיר און דיינע שטערן . . .

איך זע דיין מדבר פון דער הייך,
אין כל־המינים פאַרבן,
זיך מינען, און מיין איינזאַמקייט
ווערט שווערער מיר — ווי שטאַרבן . . .

# באַרג־קלעטערער

באַגעגנט האָבן מיר זיך נאָך אַ בלענדיקן זאווײַ,
וואָס האָט פונסנײַ דעם שפּיץ פון באַרג פאַרהילט אין שנײַ.

באַגעגנט האָבן מיר זיך — פרעמד, ווי זעגלען אויפן ים,
וואָס וועלן קיינמאָל זיך שוין מער ניט טרעפן מן־הסתם.

געדויערט צווישן אונדז האָט דאָס באַגעגעניש אַן אויגנבליק,
ווײַל איך האָב זיך געאײַלט אַרויף . . . און ער — אַראָפּ, צוריק . . .

באַמערקט מײַן שאָטן אויפן שנײַ, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט —
געשטאַנען איז פאַר מיר אַ מענטש, וואָס האָט פאַרשפּילט די וועלט.

דאָס פּנים — וואַקס, די באָרד איז פלאַקס. צוויי אויגן פון אַ קראָ:
„קיין לייטער" — מאַכט ער — „צווישן באַרג און הימל איז נישטאָ!"

ער טוט אַ פּריקרען, טעמפּן לאַך; דעם רוקן קרום אַ דרײַ;
אַ וואַקל און פאַרשווינדט פון אויג, ווערט נעלם אינם שנײַ.

שאַ־שטיל. עס הערט זיך בלויז ווי ס'קלינגט דער פראָסט אין ווײַסן בלענד
און ווי די זון, אַרום דער קרוין פון באַרג, אין דעמער ברענט.

— פאַרטרײַב די ספקות מיר פון האַרץ, דעם אַנגסט און פיר מיך, פיר!
דער חלום וועגן „ל יי ט ע ר", גאָט! איז די־והותר מיר!

# דער מערב־בוים

אין מיט פון מדבר שטייט אַ באַרג,
אַ נאַקעטער, אַ גרויער.
האַלב־וועג צום באַרג־שפּיץ וואַקסט אַ בוים,
אין איינזאַם־שטומען טרויער.

ער איז דער אומעטיקסטער בוים,
וואָס גאָט האָט ווען באַבלעטערט.
געחלומט וועגן שפּיץ פון באַרג,
געטרוימט און נישט דערקלעטערט!

— צו וועלכן מין געהערט דער בוים?! —
די מדבר־ווינטן פרעגן.
— ער איז דער בוים, וואָס וואַקסט אָן ערד;
און וואַקסט אָן טוי, אָן רעגן.

דעם מזרח־האָריזאָנט פאַרשטעלט
פון אים דער באַרג . . . אַנטקעגן —
אַ כמאַרנער מערב רייצט און נאַרט
מיט „צוגעזאָגטן״ רעגן . . .

פאַרנאַכטלעך צינדט זיך אָן דער שפּיץ
פון באַרג און פייערט צונטער.
און ער — ער זעט: די זון גייט אויף
בשעת זי גייט שוין אונטער . . .

אָ, גאָט! כ׳בין מיד פון רעשטלעך ליכט;
מיט „ערבות״ איבערזעטיקט.
בין מוחל דיר דעם טראָפּן טרייסט,
וואָס קומט צום סוף . . . פאַרשפּעטיקט:

דעם פייערלעכן שקיעה־שפּיל,
די כל־המינים פאַרבן.
כאָטש איין מאָל לאָז מיך זען, מיין האַר!
ווי די זון גייט אויף . . . און שטאַרבן!

# דיווידוי פון אַ דערוויש

דער דערוויש האָט צונויפגעבראַכט,
אין מדבר, צווישן טאָג און נאַכט —
אַ שלאַנג, אַ דאָרן און אַ שאַרבן.
ער וויל, בעת די זון נאָך שיינט,
זיך מתודה זיין . . . דען ער ווייס היינט,
אין שלאָף, בנשיקה, שטאַרבן.

דעם גיפט פון דאָרנבוש, דעם סם
פון קלאַפּערשלאַנג; דעם תאוה־פלאַם,
וואָס האָט געפיבערט אינם שאַרבן,
פאַרבאָרגן האָב איך פאַרן אויג פון גאָט,
ביי זיך אין האַרץ, נאָר ניִשט דעם סוד:
די מורא פאַרן שטאַרבן.

מיט זיבן טעג צוריק האָט גאָט
אַנטפּלעקט פאַר מיר דעם בלינדן סוד:
„נעם מאַך אין שטעקן זיבן קאַרבן.
און קראַץ, צום סוף פון יעדן טאָג,
פון שטעקן אָפּ אַ קאַרב און זאָג:
איך פאָרכט זיך ניט צו שטאַרבן!"

„און אַז דו האַלטסט ביים לעצטן קאַרב
פון שטעקן, זאָג צו זיך: „איך שטאַרב!
כ'וויל ווערן ווי דער שאַרבן!
איך בין דער דאָרן און די שלאַנג;
די זון אין לעצטן אונטערגאַנג.
כ'בין גרייט!" . . . און דו וועסט שטאַרבן.

אין שטילער שעה פון ערב נאַכט
האָב איך פאַר דיר, מיין האַר, געבראַכט
די שלאַנג, דעם דאָרן און דעם שאַרבן —
זיי זאָלן עדות זיין, אַז איך
האָב געראַנגלט זיך מיט זיי, מיט זיך
ביז אַ רגע פאַרן שטאַרבן.

און זע, די שלאַנג אויף מיינע הענט,
פאספאָריש קאָרטשעט זיך און ברענט.
דער דאָרן און דער שאַרבן,
צעלויכטן אינם שקיעה־ליכט
צעבלענדט דעם טויט אויף מיין געזיכט,
אין כל־המינים פאַרבן.

דער לעצטער פלעק פון אָוונט־רויט!
ווי וואונדערלעך איז, גאָט, דער טויט . . .
די שלאַנג, דער דאָרן און דער שאַרבן —
געוואָרן איינס מיט מיר, מיין האַר!
ווי גנעדיק דו ביסט אין דיין שכר
צו מיר, אין שעה פון שטאַרבן!

# א ו ר ה ג נ ו ז

אַ כמאַרע שוועבט דיין הויז פאַרביי,
פאַרשאָטנט דיר די אויגן.
פאַרגיין דער ערד דעם רעגן־שפּריי,
און זיך — דעם רעגנבויגן.

טרינק אָן דאָס אויג דיינס ביז צום ראַנד,
מיט אַלע זיינע פאַרבן.
דער בלינדער מילטאָן זאָגט: — ווער ס׳זעט
גאָטס שיינקייט — קאָן ניט שאַרבן!

און אים האָט גאָט געבענטשט מיט נ אַ כ ט ;
געלייטזעליקט צו ווערן,
אַליין דער הימל און אַליין
דער שר פון זיינע שטערן.

דערימעך, אַז דו זעסט ווי ס׳ווערט
דער הימל שוואַרץ־פאַרכמאַרעט,
דערמאָן זיך אָן דיין זיידן נח
דער האַר פון הר־אררט . . .

לזכר שטייט נאָך הויפן שפּיץ
פון באַרג, ווי אַ מצבה,
דער טונקל־גרויער סילועט
פון זיידן נח׳ס תבה.

און הינטערן כמורנעם באַרג זשאָנגלירט
גאָטס האַנט מיט בליץ־חלפים. —
דער טאָג פאַרמאָגט איינאיינציק אויג,
די נאַכט — אלפי־אלפים . . .

# דער וואונדערלעכסטער פערל

— וואָס טוט אַ פערל־פישער,
אין לאַנד פון מדבר — סתם?
— ער האָט זיך אַנגעברוגזט,
פאַרקריגט זיך מיט דעם ים.

האָט צוגעזאָגט אים פערל,
און ער — ער וואַרט און וואַרט:
פאַרבלענדעניש . . . חלומות . . .
גענאַרט און — אָפּגענאַרט!

ביז איינמאָל, ערב פרילינג,
האָט ער זיך שטאַרק פאַרבענקט
צוריק צו גאָט און מענטשן . . .
די סיבה — ער געדענקט:

ביינאַכט האָט גראד גערעגנט,
און איינגעוויגט דעם ים,
און ער האָט אין דעם רעגן
דערפילט אַ טערפקן טעם . . .

אפילו אין דער פייכטקייט,
וואָס אין די פישער־בערד,
האָט ער דערשמעקט די ריחות
פון גראָז און וואָל און ערד.

נאָר ער האָט באַלד דערמאָנט זיך,
אַז ער האָט אויף דער ערד
אַרויפגעלייגט אַ חרם,
און . . . זיך נישט אומגעקערט!

און וואָס פאַרמאָגט די ערד דען
פאַר אים, וואָס רק ער בענקט?
פאַרן האַרץ, וואָס וויל פאַרגעסן,
פאַרגעסן און — געדענקט:

אַ קבר, און אַ נאָמען
פאַרצייכנט אויף אַ שטיין . . .
דער ים פאַרמאָגט כאָטש רחבות,
די ערד איז ענג און קליין . . .

האָט ער זי אויסגעמיטן,
ניט זעענדיק זיך געמאַכט.
און ס׳האָט דער וואַנדער־שטעקן
צום מדבר אים געבראַכט . . .

איז דאָס געזעגלט זיינס — לייוונט!
דערמאָנט עס אים, דעם תם,
אָן פלאַטערנדיקע זעגלען;
אָן כוואַליעס אויפן ים . . .

אויפן אָפּגרונט ליגן פּערל,
און אוצרות — אין־לשער!
און ווידער האָט פאַרבענקט זיך
דער אומעטיקער נאַר . . .

נאָר דאָס, נאָך וואָס דיר בענקט זיך,
און דאָס פון וואָס דו טראַכסט,
גייט אויף ביי דיר אין האַרצן,
אין חלום, אָפט, ביינאַכט . . .

עס כישופט די לבנה
אַ כישוף דיר אין אויג:
מאָלט אויס פאַר דיר אַ מדבר
פון פּערל, שוים און רויג.

ער וואַרט! . . . וועט וואַרטן! וואַרטן!
אויף דער געבענטשטער שעה —
דער וואונדערלעכסטער פּערל
איז דער, וואָס איז נישטאָ . . .

# דער באַרג פון נסיונות

— אַן אַלט אָריענטאַליש מעשהלע —

אין ערגיץ אַ לאַנד וואָס איז מער ניט פאַראַן,
געלעבט האָט אַ רשע, אַ בייזער סולטאַן.
זיין לאַנד האָט פאַרנומען אַ זעקסט־חלק ערד.
געלעבט האָט דאָס לאַנד אויפן שאַרף פון דער שווערד.

עס לעבן די שכנישע פעלקער אַרום
אין שטענדיקער מורא, הכנעהדיק, שטום.
נאָר צו תאוה און גאוה איז אויך דאָ אַ סוף.
וואָס בייזער דאָס רשעות, אַלץ האַרבער די שטראָף.

ס'האָבן זיך די שכנישע פעלקער געקליגט,
געקליגט זיך און האָבן דעם גלית באַזיגט.
און יעדערער האָט אויפן שפּיץ פון זיין שווערד
גענומען פאַר זיך זיין כזית'ל ערד;

בלויז איבערגעלאָזן אַ זכר דערפון —
אַ פּעניצל ערד ביי דער זייט פון דער זון.
דאָך פּרוּווט עס דאָס מזל, און בייט יעדעס מאָל
דעם נאָמען אַזוי ווי דער עכאָ זיין קול.

פאַרגעסן איז גרינגער . . . געדענקען איז שווער,
פאַרגעסט מען, און קיינער דערמאָנט עס נישט מער . . .
נאָר, לאָמיר ניט אָנהייבן גאָר פון דעם סוף,
און בעסער דערציילן פון אלף ביז תו.

## א

אין וויטן אַמאָל האָט געלעבט אַ סולטאַן,
אַ רשע־מרושע, אַ ווילדער טיראַן.
פאַרמאָגט האָט ער קרח'ס עשירות. און גאָלד —
דאָס האָט ער אַזוי ווי דאָס לעבן זיינס האָלט.

פֿאַר גאָלד קויפֿט ער צירונג און פֿרויען און פֿערד,
און אַלע תּענוגים וואָס נאָר אויף דער ערד.
נאָר חוץ זיין עשירות, זיין שווערד און זיין קרוין,
פֿאַרמאָגט ער אַ טאָכטער, וואָס שמט מיט איר חן,
פֿאַרכישופֿט דאָס מאַנסבילשע אויג וואָס האָט זוען
די זכיה געהאַט אירע אויגן צו זען . . .
ער האָט שוין אויף שטענדיק פֿאַרלוירן דעם שלאָף,
די רו, און געשטאָרבן פֿון בענקשאַפֿט צום סוף.

דאָך, שטאַרקער פֿון אַלץ איז זיין תּאווה־באַגער
צו בויען פּאַלאַצן, וואָס אָפּטער, וואָס מער.
איז — וואו נאָר דו טוסט מיט אַ שטעקן אַ וואָרף —
אין יעטווידער שטאָט און אין יעטווידן דאָרף,
אַ מאַרמאָרנער פּאַלאַץ, אַ בראָנזענער שלאָס.
דאָס פֿאָלק זעט און קריצט מיט די ציין פֿון פֿאַרדראָס.
ווען־ווען טוט אַ מורמל דאָס „פּסולת" פֿון גאַס:
— ס'איז גאווה!
— ס'איז תּאווה!
— ס'איז סתּם משוגעת!

ב

נישטאָ שוין פֿאַר נייע פּאַלאַצן קיין אָרט.
פֿאַר אים איז דאָס אָבער קיין תּירוץ ניט פֿאָרט.
כאָטש בוי אויף די וואָלקנס, צי גאָר אין דער מיט
פֿון זאַמדיקער מדבר — פֿאַרוואָס טאַקע ניט?!
פֿאַראַנען ביי אים אין דער מדבר אַ באַרג,
וואָס שטעקט אין די וואָלקנס ביז איבערן קאַרק —
פֿון אונטן — די וואָלקנס, און איבער אים גליט
די זון. און דער פּאַלאַץ — ער הענגט אין דער מיט.

ג

דאָס לעבן איז קורץ און די וועלט איז אים קאַרג.
ער זעט שוין אין דמיון העט הויך אויפֿן באַרג

די גאָלדענע טורעמס אין טאָגליכט צעגליט.
עס זעגלען די וואָלקנס, די זון — אין דער מיט —
באַגילדט די קופּאָלן, וואָס שפּיגלען זיך אָפּ
אין הימל און פאַלן צום מדבר אַראָפּ,
ווי שאָטנס פון פייגל אין דעמערונג־שעה:
אַ פלי און אַ פלאַטער — געוועזן און נישטאָ.

ביינאַכט, די לבנה שוועבט איבער דעם שלאָס —
אַ זילבערנער פויגל — אַ מין אַלבאַטראָס.
ער פלאַטערט, די פליגלען פאַנאַנדערגעשפּרייט.
די טורעמס, קופּאָלן — פון שטערן פאַרשנייט.
עס שימערט און גלימערט אין בלויען אין־סוף
אַרום אים די מדבר און — זיס איז דער שלאָף.

ד

פאַרטאָג שיקט ער רופן זיין הויפּט אַרכיטעקט:
— אַ זעאונג האָט מיר זיך אין חלום אַנטפּלעקט,
צווישן וואָלקן און הימל — אַ שלאָס אויפן באַרג.
מיין גאַנצע עשירות! . . . ניט שפּאָר און ניט קאַרג!
מיין שאַצקאַמער שטייט פאַר דיר אָפן און פריי . . .
איך טרוי דיר. איך ווייס: ביסט מיר ערלעך־געטריי.

איצט הער מיין באַפעל, און ניט פעלש אויף קיין האָר.
דער פּאַלאַץ זאָל זיין מיר — אַ חלום אין וואָר!
און זאָלן די שכנישע לענדער אַרום
דערקענען מיין מאַכט, מיין עשירות, מיין רום,
אַזוי אַז אַ פּחד זאָל פאַלן אויף זיי,
ווי אַ בליץ אויף אַ שייער, ווי אַ פייער אויף שטרוי.

דער בוימייסטער בוקט זיך: — גנעדיקער האַר!
אַ חלום, דאָס רוב, מאַכט דעם מענטשן צום נאַר.
עס האָט מיט אַ קיניג אפילו פּאַסירט,
ניט איינמאָל, אַז אים האָט אַ חלום פאַרפירט . . .

דיין זאַמד־באַרג איז נאַקעט און טרוקן ווי ביין,
עס וואַקסט דאָך אויף אים ניט אפילו קיין שטיין . . .
און בויען אויף זאַמד, איז ווי בויען אויף ווינט.
אַ חלום איז רויך, וואָס גייט אויף און פאַרשווינדט.
די רעגנס אין האַרבסט וועלן טאָן זיך אַ לאָז,
צעשיט זיך דיין חלום ווי אַ וואַזע פון גלאָז.

עס גרימט און עס צערנט דער בייזער סולטאַן:
נעמט, קעפּט אים, דעם מורד! נישטאָ, ניט פאַראַן
אין מיינע עשרת־הדברות קיין „ניין"!
פאַרשאָלטן זאָל ווערן דעם פּחדנס געביין!

ה

דער אכזר שיקט תיכף פאַנאַנדער אין לאַנד
אַ דעקרעט געחתמעט אַליין מיט זיין האַנט:
„באם עס געפינט זיך ביי מיר אין מיין לאַנד
אַ בוימייסטער — פלינק און געניט מיט דער האַנט,
זאָל ער קומען זיך מעלדן אין פּאַלאַץ פאַר מיר.
ער זאָל ניט פאַרזאַמען און קומען וואָס פריער!"

זיי קומען און קניען פאַר די פיס פון סולטאַן.
מליצהדיק, גאוהדיק רעדט דער טיראַן:
— נסיון איז אַ וואַגשאַל — הצלחה און — צער.
דאָס רוב, אָבער, שטעלסטו דיין קאָרט אויפן שכר . . .
כ'פאַרמאָג פיר מתנות: דריי רענדלעך — איין טרער.
פאַרשפּילן אין קאָן — קענסטו איין מאָל . . . נישט מער!

מיין ערשטע מתנה — אָ, גליקלעכער מאַן! —
די שענסטע פּרינצעסין אין שלאָס פון סולטאַן —
די פרייד פון מיין האַרץ און דאָס ליכט פון מיין לייב —
געהערן זאָל דיר, און דיר ווערן צום ווייב.
די צווייטע מתנה — אַ העלפט פון מיין קרוין.
די דריטע — דער רייכסטער, דער טייערסטער לוין —

מיין לאַנד, מיין מלוכה וואָס גאָט האָט פאַרטרויט
זיין קנעכט — זאָל ער אַרבן אין טאָג פון מיין טויט.
די פערטע — די לעצטע — די אייביקע טרער . . .
פאַרשפילן — פאַרשפילסטו בלויז איין מאָל . . . נישט מער!

ו

דער תליון, די זיבעטע נאַכט שוין אָן שלאָף.
די האַק איז שוין טעמפּ, נאָר מען זעט ניט קיין סוף!
עס איז שוין כמעט ניט געבליבן אין לאַנד
אַ מענטש וואָס קאָן האַלטן אַ האַמער אין האַנט.
מען זעט שוין קיין יינגערן מאַנסביל שוין באַלד:
צעלאָפן ווי האָזן פאַרן יעגער אין וואַלד.
דאָס רוב זעט מען ווייבער און בעטלערס און הינט;
וואָראָנעס וואָס יאָגן זיך נאָך נאָכן ווינט;
געהויקערטע זקנים מיט פלאַקסענע בערד.
נאָר פּלוצים וואַקסט אויס ווי פון אונטער דער ערד
אַ מענטש ווי פון עפּעס אַן אַנדערער וועלט,
אַ נפש וואָס האָט זיך בכיוון פאַרשטעלט . . .
ס׳פרעגט איינער ביים צווייטן: ווער איז דער פאַרשוין?
אַ פאַסטוך? אַ בעטלער? אַ פּרינץ אָן אַ קרוין?
אַ נזיר? אַ נביא? אַ רויבער פון וואַלד?
אַ ווילדער מכשף? אַ פאַנטאַם־געשטאַלט?

דאָס פּנים זיינס — קופּער, פאַרברענט פון דער זון.
די פיס זיינען — בראָנז, און די אָרעמס — טשוגון.
די קליידער צעריסן, פאַרשטויבט פון דעם וועג.
ער וואָגלט אוודאי שוין וואָכן און טעג.
דאָך, גלייך איז זיין רוקן, און דראַטיק די טריט.
ער בוקט זיך און נויגט זיך, ער בויגט זיך און קניט:
— אַלמעכטיקער הערשער! גנעדיקער האַר!
געשיקט האָט אַלאַה מיך צו מאָנען מיין שכר.
געבענטשט האָט זיין האַנט מיך . . . עס איז מיר באַשערט
צו פאַרוואַנדלען דיין זאַמד־באַרג אין פרוכטבאַרער ערד.

עס שמייכלט דער כיטרער סולטאַן און מעסט אָפּ
דעם פּרעמדן „בעל־מופת״: אַ שאָד אַזאַ קאָפּ!
דאָך זאָגט ער צום פרעמדן: — אַזוי ווי מיין קרוין
איז הייליק מיין צוזאָג, און הערלעך מיין לוין.

און נאָכאַמאָל בוקט זיך דער פרעמדער: — מיין האַר!
אַ קליינע בקשה — מחוץ פון מיין שכר —
באַווייליק מיר טויזנט פּאָר אייזלען און פערד,
און אַקערס, און זריעה פון פרוכטבאַרער ערד;
און הונדערטער שטאַרקע און פלייסיקע קנעכט,
און זיין זאָל אַלאָה צו מיין גורל גערעכט . . .

דער אכזר פאַרקלערט זיך אַ רגע: — פאַרוואָר!
כאָטש מיר זיינען דיינע תחבולות ניט קלאָר,
און ס׳קלינגט מיר אין אויער מטושטש דיין וואָרט,
וועל איך דיין בקשה באַווייליקן פאָרט!

ז

די טעג זיינען זשאַרנע, און פאַרנע די נעכט.
טאַבונעס מיט אָקסן און אייזלען און קנעכט,
ווי בינען זיך ראַיען אין זאַמד אויפן באַרג.
נאָר, קורץ איז דער טאָג, און די טעג זיינען קאַרג.
עס קריכן די שעהן — אַ טאָג, אַ מעת־לעת,
אַ וואָך און אַ חודש . . . עס טרעפט ניט קיין נס.
דאָס תקיפות ביים פרעמדן, אין האַרצן, לאָזט נאָך:
— אַלאַה האָט פאַרגעסן . . . און שווער איז דער יאָך!
דאָך שטייט ער אַזוי ווי אַ נוגש און היט.
ער ציילט אויפן זאַמד די צעיאָטערטע טריט;
די קנעכטישע אויגן פון שנאה צעפלאַמט;
די קרייד־ווייסע ביינער צעשאָטן אין זאַמד.
נאָר רשעות ווערט אויך מיד צו שטיין אויף דער וואַך;
סבלנות ווערט אויך אַמאָל אָפּהענטיק, שוואַך;
פאַרשכורט פון מידקייט און פאַלט פון די פיס.
דער שלאָף פון דעם נוגש איז אויך אָבער זיס . . .

ח

ביינאַכט האָט דער פרעמדער, אין חלום געזען
דאָס פּנים פון גאָט און — דער נס איז געשען!
ער עפנט די אויגן: דער הימל איז קלאָר.
די זון ווי אַ גלאָק קלינגט: ד ע ר  ח ל ו ם  א י ז  ו ו א ָ ר !
דער באַרג, אַ פאַרדרעמלטער דרימלענדיק שטייט
פאַנאַנדערגעאַקערט. די זריעה — פאַרזייט.

ט

צופוסנס פון באַרג קניט שוין זיבן מעת־לעת
דער פרעמדער, און וואַרט אויפן נס־בתוך־נס.
די אָרעמס צום הימל, געבויגן דעם קאָפּ:
— אָ, האַר פון דער וועלט! שיק דיין רעגן אַראָפּ.
פאַרהאַלט ניט דיין חסד, דיין ברכה ניט קאַרג!
און בענטש מיר די זריעה וואָס שלומערט אין באַרג.

דער הימל ווערט כמאַרנע. די כמאַרע ווערט שוואַרץ.
אַ בליץ טרענט פאַנאַנדער ביים וואָלקן דאָס האַרץ.
אַ דונער צעקאַלערט זיך איבער זיין קאָפּ,
און ס'לאָזט זיך אַ זילבערנער רעגן אַראָפּ.
עס רעגנט כסדר שוין זיבן מעת־לעת.
דערבאַרעמט האָט גאָט זיך. געשען איז דער נס!
ער הערט ווי עס שפּינט זיך די זריעה, און שפּינט
צוזאַמען די זעמדלעך אין באַרג און — עס גרינט!
עס אָטעמט פון זאַמד־באַרג אַרויס דער יסוד,
די פרייד פון יצירה, די ברכה — א ח ד !

י

עס וואַקסן פון אונטער צעפּיבערטע הענט
צום הימל פון פּאַלאַץ די מאַרמאָרנע ווענט,
באַלקאָנען, קאָלאָנעס און טורעמס געגילדט,
אין כלערליי שטראַלונגען פאַרביק צעשפּילט . . .

עס צינדן אין מזרח זיך זוניקע טעג
און זעגלען אַרונטער צום מערב־ים ברעג.
עס ליגט אין לבנה־ליכט בלוילעך פאַרשנייט
די זאַמדיקע מדבר פאַנאַנדערגעשפּרייט.
זי דרעמלט, די מדבר, איר האַרץ אָבער וואַכט:
— וואָס איז דאָס, אַ כישוף? אַ זון האַלבע נאַכט?

חנוכת־הבית אין דעם גאָלדענעם שלאָס:
עס בליצן די לאָמפּן, עס פינקלט דער כוס
לכבוד דעם קרוינפּרינץ, די חשובע געסט.
מאַהאַראַזשעס, עפּענדיס. מען טרינקט און מען עסט.
עס פידלען די פידלען, עס פלייטלט די פלייט.
עס טאַנצן די טענצערס פון צימבלען באַגלייט.
דער „פרעמדער", ער זיצט בגדי־מלכות געקליידט,
פאַרוויגט פון די פידלען, פאַרדרעמלט פון פלייט;
פאַרבלענדט פון דער ליכטיקייט איבער זיין קאָפּ.
ער הויבט אויף די אויגן און לאָזט זיי אַראָפּ:
—איז דאָס ניט אַ כישוף? אַן אָפּנאַרעריי?
אַ חלום וואָס פליטערט און שאָטנט פאַרביי?
אַן אוצר וואָס טוט אַ שאַריי און פאַרבליצט?
און ווער איז דער ליכטיקער מלאך וואָס זיצט
ביים זייט, מאַט־פאַררויטלט און שמייכלט צו אים
איר שמייכל איז מירע. איר אָטעם — יאַסמין.
אויב דאָס איז אַ חלום, וואָס שאָטנט פאַרביי,
איז אים שוין אפילו דער שאָטן כדאי . . .

יא

הייבט אויף דער סולטאַן זיין באַצירונגטע האַנט.
דער עולם בלייבט שטיל אין דערוואַרטונג געשפּאַנט.
ער שמייכלט אַ רגע, פאַרנויגט זיך און זאָגט:
— די שטערן אין מדבר פאַרגייען און עס טאָגט.
געענדיקט די סעודה, די חדוה —אַ סוף.
ווי שטאַרק ס'איז דער וויין, איז נאָך שטאַרקער דער שלאָף.

הערט אויס, מיינע האַרן, וואָס כ׳זאָג אייך אַצינד.
דאָס האַרץ מיינס איז גאווה און תאווה און זינד.
זאָל גאָט זיך מרחם זיין איבער זיין קנעכט,
און זיין צו אים לייטזעליק, גוט און גערעכט.
דאָך איינס איז מיר קלאָר ווי די שטערן פאַרגיין! —
דער בראַוווער זאָגט „יאָ״, און דער פּחדן זאָגט „ניין״.
פאַרשניטן זאָל ווערן דער קנעכט און דער נאַר,
וואָס קריכט אין דעם שטויב פאַר די פיס פון זיין האַר,
דערפאַר וואָס ער טרויט ניט זיין אייגענער זעל,
און פאַרכט זיך צו זאָגן: איך ק אָ ן און איך ו ו ע ל!
פאַרטיליקט זאָל ווערן מיט פייער און שווערד
דער וויסטער פאַרניינער, וואָס לעבט אויף גאָטס ערד!

יב

ניט בלעטער דעם ספר, דאָס טייטשווערטער־בוך;
ניט פאָרש די אַרכיוון; ניט נישטער, ניט זוך.
דעם „ניין״ האָט די האַנט פון דעם רשע פאַרמעקט;
מיט בלוט און מיט טרערן פון מורד פאַרקלעקט . . .

דאָך, ערגעץ אין תפיסה, אויף שטיינערנע ווענט
האָט עמיץ פאַרשריבן מיט בלוטיקע הענט:
— גערעדט האָט אַלאַה דורך די גראַטעס און שטיין:
— „דער פּ ח ד ן זאָגט „יאָ״ און דער ב ר אַ ו ו ע ר זאָגט „ניין״!

* * *

דעם סוף פון דער מעשה? — אויב דו ביסט שוין מיד —
קער אום זיך צום אָנהייב־הקדמה פון ליד.

# אַ גוטע נאַכט

איך האָב מיין פענסטער אויפגעמאַכט,
און אָנגעשעפּט אַ הויפן נאַכט.
פון בלויען קנויל ביי מיר אין האַנט
האָט אויפגעשטראַלט, ווי אַ ברילִיאַנט,
אַ טראָפּן טוי,

ניט גרעסער פון אַ קערן רויג,
און זיך צעפינקלט פאַר מיין אויג:
— פאַרלעש דעם לאָמפּ. דאָס אויג מאַך צו:
איך בין דיין חלום און דיין רו.
אַ גוטע נאַכט!

# א י נ ה אַ ל ט

## ד ע מ ע ר ־ ט א ל



## אין נישטאָיקן לאַנד

## איבעריקע מענטשן



## ח ז י ו נ ו ת

## מדבר באַלאַדעס



---

פאָרטרעט־צייכענונג: קאָוונער־גראַדסקי

---

צייכענונגען — טאָדרעס געלער